


ז אָ ל

## מאַנדל־ברויט יידיש

דערמאָנען דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין מאַמען ע״ה,
וואָס האָט אין איר געליטענער מאַמעשאַפט ניט געהאַט
גענוג ברויט צוזעט פאַר אירע זיבן זינדעלעך.
פלייסיק געשטאָפּט אין אונדז איר געטריישאַפט
און הערצאישקייט לרוב, מיט אַ „ווערך.״
כאָטש די אָרימשאַפט איז געלעגן לעפּיש
איבערן גאַנצן הויזגעזינד, אָט ווי די גרויסע שיך
און די לאַנגע אַרבל פון מיין עלטערן ברודער׳ס
רעקל אויף מיין כרישטשעוואַטן גופל—
איז זי דאָך געווען אַריסטאָקראַטיש־פּאַרריסן,
ווי אַ מלכה אין איר קעניגרייך—
פאַרט אַן אייגענער דלות...
פאַר דער אייגנאַרטיקייט אירער באַצאָל איך איר
מיט מיין **מאַנדל־ברויט יידיש.**
זאָל איר פאָלקס־חכמה הויערן איבערן לייענער
ביים „קייען״ דעם דינעם מאַנדל־ברויט.

**טויבע פעני, טייבעלע בת יחיאל.**

# גערדאַכטן און טראַכטן

(צווישן פּראָזע און ליד)

ווערטלעך, זאָגן, פּסוקים, קליגשאַפטן,
פּאַראַדאָקסן און מיניאַטור - עסייען.

„מלוכה־פאַרלאַג: — ,אַליין'
שטאָט: — באַרדיטשעוו..."

1 9 5 2

# איידער אַן הקדמה

## מאַנדל־ברויט יידיש

איז ניט קיין בוך פון דעם סאָרט ביכער, וואָס מע דאַרף עס איבערלייענען אינגאַנצן; איבערלייענען, כדי וויסן דעם אינהאַלט דערפון; ס'איז מער — אַ בוך אויף אַריינצוקוקן ווען עס ווילט זיך. דאָס דאָזיקע בוך איז גיכער אַ סטימול צום טראַכטן — ס'איז טראַכטן און טראַכטן און נאָכאַמאָל — טראַכטן; פאַר דעם צוועק איז עס געשאַפן: אַריינקוקן און זיך באַהעפטן מיטן געדאַנק פון יידיש טראַכטן . . . עס איז דעריבער — — —

אַ בוך וואָס איר קאָנט אָנהויבן לייענען פון דער מיט, פונעם סוף, פונעם אָנהייב — וואָסער בלעטל דער ווינט צו דער צופאַל מישט פאַר אייך אויף.

דאָס אַליין מאַכט עס צו זיין איינציק, ווערטיק, כמעט אַן אידעאַל בוך — על־כל־פנים — אין די אויגן פונעם היינטצייטיקן מעטראָפּאָלישן מענטש, וועלכער איז אָנגעקליידט בגדי־אומגעדולד און ער פאַרטראָגט ניט, נישט קיין לאַנגע דרשות, נישט קיין אויסגעצויגענע לעקציעס און אַוודאי אויך נישט קיין לאַנגע שריפטן.

דאָס לעבן אונדזערס איז קורץ (און ס'איז דאָ אַ שלל פון דעם אַריינצו־כאַפּן) טאָ זאָל אַלץ דערימעך — ווי דאָס לעבן גופא — זיין קורץ, צימצומדיק, בלויז דער עסענץ; אַ סקיצירטער עסקיז. יעדע זאַך ניט מער — אַ בליץ! ניט מער פון אַ שטיקעלע מאַנדלברויט, סיי אין גרויס, סיי אין טעם . . .

און אָט זעט טאַקע בפירוש:

**אונדזער קאָרנברויט־יידיש** האָט זיך (ניט רעדוצירט) נאָר קאָנדענ־סירט צו **מאַנדלברויט־יידיש**; געוואָרן דער עליקסיר:

דער צוויטער לשון־קודש.
שבת־יום־טובדיקער כיבוד.

דערזעט, דערפילט, באַנעמט מיט דערוואַקסענער רייפקייט: אַ יידישער געדאַנק, אַ יידישע פראַזע; אַ גערעדטע, געדרוקטע, געמאָלטע, געטאַנצטע צי מוזיקאַלע; טראָגט אונדז הינטער, פער סע, לויטן פּראָצענט פון אונדזער קולטור־איינזאַפּ אין זיך, אַזויפיל פרייד, וואַרעמקייט און נחת־רוח, ווי אַמאָל די שבתים און יום־טובים פון אונדזער אַלטן יידישן שטייגער־לעבן—דער קערנדיקער פאַרלויף פון פרומע, הערואַישע דורות, וואָס זיינען פול געווען מיט קרן־היסוד.

אָט דאָס אַלץ־מיט־אַן־אַנדער, ווימלט און שווימלט אינעם קרן היסוד—יידיש־גלידיש. צי אינעם מוזיקאַלישן גראַם: יידיש־חידוש, צי אינעם קיום פון יידיש־לידיש, וואָס פליסט געזיכערט באַרוט און אפילו, צייטנווייז, אומבאַ־רוט, אינעם מילכוועג פונעם אוניווערז, אָבער דאָך דינאַמיש—אין יידיש־קרייז בלוטיק־זידיש...

ס'איז אַ פייערדיק לשון!
אַ קאַלכאויון־לשון!

טאָ הער, דו פאַרוויירטער לייענער: ס'איז אַ זכיה זיך אָפּצובריען אינעם פלאַם וואָס יידישע שרייבער צעפלאַקערן מיט זייערע ד י נ ע שייטלעך־עברי — יידיש...

פונעם אַמאָל האָבן מיר געלערנט:
נכנס יין, יצא סוד;
פונעם היינט לערנען מיר:
נכנס יידיש, יצא סוד.

ס'איז ניט אַזוי דאָס קלוגע ווערטל **יידיש־גלידיש**, ווי אונדזער פאַריתומטע שטאָט — בראָד...

מיט אָט־דער־אָ געמיט־חכמה, געמיט פאַרשטייעניש פון יידיש־חידוש, יידיש־לידיש און יידיש־גלידיש — — —

קוקט אַריין אין דעם דאָזיקן בוך; פאַרווײַלט אַביסל אין אַ יידישער היים—יידישע סביבה פון פילן און דענקען, קאָן אונדז איצט געבן בלויז דאָס יידישע בוך...

סוף מערץ (שמערץ), לאָס־אַנגעלעס, קאַליפ, 1952.

**מאַטעס מתתיהו בן יעקב אַשכּנזי** (דייטש בלע"ז).

## בוך

גיט דעם יידישן בוך — אַ היים;
די יידישע היים — אַ בוך.

## ספרים

גוטע שכנים זאָל מען האָבן אַפילו
ווען מען שטייט שוין אויף דער העכסטער פּאָליצע;
אויב ניט, איז עס אַ טיפער, קאַלטער — קבר.

## געדאַנקען און ביכער

גרויסע ביכער טראָגן דווקא ניט כסדר
גרויסע געדאַנקען אין זיך;
פּונקט אַזוי זיינען קליינע ביכער
ניט אַלע מאָל פול מיט קליינע געדאַנקען.
די לוחות האָבן אינגאַנצן — צען געבאָט;
דוד האָט מיט אַ קליין שטיינדעלע
מזיק געווען דעם גיגאַנט — גלית'ן.
אַ גרויס בוך איז דווקא — דאָס ווערטערבוך;
אַ קליין ביכעלע — דאָס תהילימל...

## בוך און מענטש

זיך איינלעבן מיט אַ בוך איז אַ מדרגה;
ס'איז די ספּעציפישע געוואוינהייט
וואָס ניט דער רבים באַזיצט,
נאָר דער יחיד — פאַרמאָגט זי.

## ב י כ ע ר

ביי יידן איז אַ בוך (דאָס אומוויכטיקסטע)
נאָך אַלץ אַ שמחה רבה, אַ דערשיינונג; משפּחהדיקע שעפּערישקייט;
ביי די אומות העולם איז עס שוין פון לאַנג אַ פּולער געשעפט;
און אויב אַ געשעפט? אַדווערטייזט מען ווי מ'איז געוואוינט.
ביי אונדז, אַז אַ בוך דערשיינט, פּראַוועט מען יום־טוב־טישן.
ביי זיי אַנאָנסירט מען אין דער פּרעסע און פּאַרטיק — אָפּגעטון.
איז ווער מיינט איר האָט אַ בעסערן בוך־מזל?
זיי פאַרקויפן, און מיר — וואַרטן אויף משיחן!
צי דען־זשע דענקען מיר אַז ער וועט טאַקע
אַלע אונדזערע ניט־געלייענטע ביכער איבערלייענען, משיח?!

## ב ו ך

אַ בוך, מוז מען געדענקען, איז ניט אַ לפי־שעה זאַך,
פאַרן איצטיקן מאָמענט בלויז; פאַר אונדזערע נויטן אליין;
אַ בוך ז'מערסטנס אַ צוקונפטיקע זאַך;
אָבער אינגאַנצן עס האַלטן פאַר דער צוקונפט,
ווי איינגעמאַכץ, מיטן באַרימטן הלוואַי, טויג אויך ניט.

## ביכער ווי שטערן

ביכער ווי שטערן — דאַרפן אַנטדעקט ווערן.
דען וויפיל פון זיי זיינען גוט באַקאַנט?
נאָענט צו אונדזער „פּלאַנעט" אַז מיר זאָלן
וויסן פון זיי תוכיק און זייער אינהאַלט?!

## וו ע ר ק

אַ ווערק לעבט אַזוי לאַנג
ביז עס גייט אַריין אין פֿאָלק אַריין;
דאַן ווערט עס אַ פֿאָלקישער — לעבט-אייביק.

## דאָס בוך איז אַ צירונג

ס'איז אָנגענומען אַז אַ בוך איז אַ צירונג
ווי יעדע צירונג אין הויז,
נאָר ניט מער, די וואַזע, די לאָמפּ, דאָס בילד,
קאָנט איר ניט מיטנעמען ווען איר גייט צוגאַסט,
דאָס בוך — — — יאָ!

## לאַ ס ק ע ס

אַ בוך איז אַ לעבעדיקע זאַך;
מיט אָטעם, מיט פֿליגל — אַ שרייבערשע בריאה!
אַ גוטע צי אַ שלעכטע, אָט אַזוי איז זי,
וואָס פֿאָדערט דווקא ספּעציעלע לאַסקעס...

## כ וו נ ה

די חכמה ווי צו-צוגיין צו אַ ספר
איז נאָך ביי אונדזערע אורעלטערן געווען אַנטוויקלט
ביז צו דער העכסטער מדרגה פֿון עטישקייט.
אָבער צום בוך גייט מען דאָך צו אומגעוואַשן...
אַדרבא, פּרובירט אקאָרשט וואַשן די הענט
איידער איר נעמט אַרויס אַ בוך פֿון אַלמער;
מאָלט אייך אַזאַ קליינינקייט!
און דאָס לייענען וועט שוין זיין
מיט גאָר אַן אַנדערער — אַן עטישער כוונה.

## געהייליקט און געקושט

דער ייד האָט געקושט דאָס ספר
ביים אויפהויבן עס פון דער ערד.
דער פויער — דאָס ברויט.
ס'איז געווענדט וויפל איינער
איז זיך מקריב פאַר אַ זאַך —
הייליקט עס און קושט עס...

## יידן

געדאַנק און וואָרט; בלאָע מילך זיינען מיר
פונעם אוניווערז. ס'איז זיכער. אַלע פעלקער
פון דער גאָרער וועלט (פיצלעך ווי גרויסע) אין צער
נערן זיך דערמיט מיט זייערע ליפּן, נאָר קלאַפּן,
קלאַפּן מיט די ידים אונדזער געביין דערפאַר
וואָס געגעבן זיי דעם בוך פון ביכער!
אוי, קום שוין קום, דו נייער משה
און מאַך אַן עק צום אַלטן, אַלטן געוויין.

## אַלף־בית

דער ערשטער צוגאַנג צו יעדער זאַך
איז דער אַלף־בית; ס'איז אַ שטענדיקער געברויך;
מע ווערט עס תמיד דאַרפן — ס'איז די אייביקייט.
אַלעס בייט זיך, אַלף־בית — ניט.
דאָס איז אייביקע חכמה — ערשטע פרינציפּן;
מחמת צו קענען לערנען תורה
דאַרף מען זיך אָנלערנען מיט — אַלף־בית...

## וואָרט און געדאַנק

וואָרט באַשאַפט געדאַנק;
געדאַנק — מונטערט אויף דאָס וואָרט
און גיט דעם אויף צוריק — נשמה;
דאָס איז דער גרעסטער דאַנק.

## ווערטער ווי מטבעות.

פאַראַנען ווערטער, וואָס צוליב זייער אָפּגעריבנקייט
זיינען זיי געצוואונגען נעבעך צו זאָגן ליגן, רעדן באַנאַל;
פונקט ווי אָפּגעריבענע מטבעות,
שווער צו זאָגן זייער אמתן ווערט;
זיי קלינגען דאַכט זיך ווי זילבער און גאָלד,
נאָר דער ווערט זייערער —
אַ זשמעניע זאַמד ביים ברעג ים.

## דער מהר״ל און גאָט . . .

דער בן־אָדם זעט אַפּנים ווייטער פונעם בורא עולם;
ווען ס׳האָט זיך גאָט פאַרוואָלט באַשאַפן אַ מענטש,
האָט ער אים אַנדערש ניט געקענט זען
נאָר אין זיין געשטאַלט — צלם אלהים . . .
דער מהר״ל האָט גלייך געשאַפן אַ גולם — — — —
ווייזט אוים ס׳איז ניטאָ קיין האָפענונג
צו זען דעם מיטמענטשן, ווען ס׳איז ניט איז,
אין אמתן מענטשלעכן געשטאַלט, דעם געטלעכן.
דער מהר״ל האָט ווייזט אוים געזען אַביסעלע ווייטער...

## ווי אַמאָל — די מזוזה

אַ הויז וואָס האָט ניט קיין ביכער,
איז אַ פחד איבערצונעכטיקן איין נאַכט אַפילו!

## ליגן און אמת

דער קורצסטער ליגן
דערגרייכט אַ סך ווייטער,
ווי דער לענגסטער — אמת.

## וואָרט שעפערישקייט

עס ליכטלט זיך דורך, דורך אַלע שפּאַרונעס
און טריפט גלייך אין אונדז אַריין.
וואָרים בשעת מיר זיינען איכּהדיק באַזעלט
און קינהדיק צעקרעלט, איז דאַן ערשט
דאָס איינגעשפּאַרטע און איינגעקשנטע וואָרט
צעליכטיקט און טיפוואָרטיק צעשטראַלט...

## פרייד, טרויער — בוך

אַז ווי איז צו דעם וואָס קען זיך ניט פרייען
אין זיין שמחה; איז שטום אין זיין אויסדרוק.
אָך, איז צו אים (ער איז פילפאַך אומגליקלעך)
וואָס קען ניט טרויערן אין זיין טרויער—
זיין הויז איז אויסגעראַמט פון ביכער...
און קיין פרייד און טרייסטווערטער פּאַרמאָגן נישט
ניט זיין באַלקן און נישט — די פיר ווענט!

## געווין און קריג

געווין האָט שטילע וואַרשטאַטן;
קריג — היסטעריש-צעפינקלטע קוזניעס.

## אינטעליגענץ

די אינטעליגענץ פון יעדן יחיד
איז די סובסטאַנץ פון פריערדיקע דורות אינטעליגענץ;
עס איז דער צוזאַמענשטעל פון קולטורווערטן;
דער אָנגעזאַמלטער סך־הכל פון זיינע פאָרגייער.

## גויים און יידן

די גוישע וועלט האָט אונדז אויסגעלערנט, בליצשנעל
די קונסט ווי צו שטאַרבן אויף ימען און אין פלאַמען;
זיי מוזן געבעך צוזען ווי מיר ווערן לעבעדיק צוריק —
אויפסניי געבאָרן אין איין פאָלקישן צוזאַמען — — —

## פשטות און וויטערדיקייט

פשטות שטעלט צופרידן דאָס באַלדיקע,
ווי מ׳איז געוואוינט צו זען זאַכן
אויפן ערשטן בליק, פרימיטיוו, תמימותדיק;
זי פאַרטאַמעוועט וויטערדיקייט;
זי פאַרהאַמעוועט די נויטיקע געבורטן
פון היינטצייטיקייט, אַ פשיטה — צוקונפטיקייט!

## וואָרט

דער וואַרעמער געדאַנק פאַרזייעט עס;
מיט ריטמישן קלאַנג נידערט עס אראָפּ
פון די באַוועגלעכע ליפּן.
ס׳איז די שילד — אין ביידע טייטשן —
באַלייכטנדיק אַלעמענס לעבן.

## די טבע פון זאַכן

קוים איז עס עפּעס בעסערס פונעם דורכשניט,
איז עס שוין מיט דער טבע,
צו שטיין־און־גיין — קעגן שטראָם.

## דער שטענדיקער יאַריד

אַמאָליקע יאָרן איז געווען אַ יאָר־יאַריד,
היינט איז יעדער טאָג אַ יאַריד
וואו דאָס לעבן האַנדלט־וואַנדלט מיט זיך;
פאַרקויפט זיך אויף מיליאָנען טונען
צום ברענען און פלאַקערן אַטאָמיש...
ס׳איז טראַגיש וואָס פאַר די מערסטע
קוקט עס גאָרניט אויס אַזוי קאָמיש — — — —

## קיום פּלוס איפּסאָ פאַקטאָ

אַ זאַך ווען זי איז נישטאָ,
עקזיסטירט זי גאָרניט פאַר אונדז,
פעלט זי אונדז אפשר ניט אויס,
אָבער קוים ווערט זי באַשאַפן,
לעבט זעלבסשטענדיק אין איר קיום,
דאַן איז עס כולה וואונדער שעבעוואונדער
וויאַזוי מען האָט זיך געקענט באַגיין אָן איר ? !

## ט ר אַ כ ט ן

טראַכטן קאָן מען נאָר ווען מע איז מיט זיך אַליין;
דעריבער — אַנטלויף מענטש פון קאָמפּאַקטקייט,
צי ס׳איז מטלטלים צי — מענטשן...

## חכמים זאָגן... חכמים פרעגן

וואָס ווערט פריער געבאָרן,
געדאַנק צי וואָרט?
חכמים זאָגן: אינעם איי ליגט די הון;
און אין דער הון — דאָס איי!
אינעם געדאַנק ליגט דאָס וואָרט מיט געדאַנק;
און אויף צוריק — ס׳נעמלעכע...

## אַמעריקאַנער „דאָנ׳ט יו נאָו״?!

פאַרשן איז דער לעצטער שטאַפּל פון קוריאָזיטעט.
אָבער בלויז דער מענטש קומט צו צו אַט-דער מדרגה.
„די קאַץ וואָס האַלט זיך נאָר ביי דער קוריאָזיטעט,
ווערט דערהרגעט״, אַזוי זאָגט דער אַמעריקאַנער אידיאָם:
קוריאָזיטעט האָט דערהרגעט די קאַץ...
שרעק מיר מיינע גענדז!

## מאַסע און פאָלק

דער מאַסע טאָר מען ניט פאַרגעבן אירע זינד;
זי איז אַלעמאָל גרייט זיך צעיושן און טיראַניזירן
דעם יחיד, די גרופּע צי די ראַסע;
באַשטראָפן דאַרף מען זי און האַרב שטראָפן;
מיט איר גאַנצן געגנסטעריזם האָט זי מורא פאַר שטראָף.
מוחל זיין קאָן מען בלויז דעם פאָלק ווי אַ פאָלק.

# אַ פּסוק און אַ זאָג

אין דער וועלט פון שאַפן,
איז דער מענטש — אייביק.

די פינצטערע נאַכט האָט מער טרערן
ווי די ליכטיקע — שטערן . . .
פון ביידע פלייצט דער קערנדיקער קרן
פון אונדזער יידיש געשטאַלטיקט ווערן...

דער טויט איז אַזוי העסלעך־עקלדיק
ביי געוויסע מענטשן, אַז דאָס אַליין
איז גענוג גרונט צו מאַכן שיינע לוויות
פאַר געהייבענע, חשובע בירגער.

צוויי מאָל אַנטפּלעקט זיך דער
טיפדענקענדיקער גייסט צום מענטש:
בעת ער איז אין אייגענע יסורים
און בעת ער באַנעמט די ליידן פון דער וועלט...
אויב ער איז אין ביידע — אַנטפּלעקט זיך **גאָט**;
וואָרים ער ווערט שוין אַ שטיקעלע — **איוב** — — — —

טויט, איז די צווייטע מאַמע,
זי לאָזט אונדז פון זיך
שוין קיינמאָל ניט אָפּ —
אין איר שוים פאַרבלייבן מיר אייביקע קינדער...

דער וואָס לעבט מיט גרויסע, הויכע וועלטן,
ווערט ביי אים דאָס טריוויאַלע אפילו טיף,
און קליינע וועלטן — דערהויבן ביז צו די רוימען!

געדאַנק און וואָרט דאַרף ברענגען
מנוחה און גאַנצקייט דעם מענטשן;
באַרואיקן זיין שווער יסורימדיק געמיט;
שטאַרקן זיין נפש אין צייט פון אומגליק;
פון טיפער געפאַלנקייט אינעם לעבן — ביים לעבן.

געדאַנק און וואָרט — ערשטע פונקען
פונעם אַלמעכטיקסטן אַבסאָלוטן גייסט
איבער וועמען אַלע פאַרלירן אַ נאַכט שלאָף;
נאָר מער ווי איינע — דער פּאָעט...

אין דער וועלט פון דענקען
איז דער מענטש — עלנט...

אַביסל לייענען איז אַמאָל בעסער
ווי אַ סך לייענען;
און צופיל — גלייך ווי געפרעסן.

לייענען שווערע פּאָעזיע
צען מינוט יעדן טאָג אין דער וואָך,
טוט מער אויף פאַרן מענטש, איידער
לייכטע פּראָזע פינף שעה אַ טאָג.

לייענען אין צייט
און טראַכטן נאָך דער צייט,
גיט מער נוצן ווי אַ סך לייענען
אויסער דער צייט.

איז עס אמת? כל־זמן אַברהם סוצקעווער
לעבט אין ישראל איז יידיש אַ גרויס שוצגעווער?...

לייענען איז זייער גוט,
אַ סך לייענען איז נאָך בעסער.
צופיל — שלעכט.

צו אַן אַלטן לייענער
האָב איך גרויס צוטרוי,
צו אַ יונגן — שטאַרקן גלויבן.

ס'איז פיל גרינגער, פאַר אייניקע,
צו געפינען אַ נאָדל
אין אַ סטויג היי,
איידער אינעם סידור
דאָס אָפּגעהאַקטע „פּיסעלע" פונעם — ה!

איך וויל בעסער אויסגעלאַכט ווערן
ווען איך רעד מיינע אומפאַרשטאַנענע,
אָבער אייגענע רייד, איידער אַפּלאָדירט ווערן
פאַר פרעמדע, אויסגעדראָשענע, באַנאַלע קלאָרקייטן...

דענקען איז פונקט אַזוי גרינג ווי ניט-דענקען.
טיף דענקען איז אַ שווערער אָנשטרענג ווי פלאַך דענקען.
אויב אַ מענטש מוז שוין יאָ דענקען,
איז גלייכער פאַר אים ער זאָל דענקען
פאָרויסוועגס איידער צוריקוועגס...
מחשבותן, וועלכער אַרט דענקען, פון די צוויי אופנים,
איז גרינגער, ווייסט מען דערווייל נאָך אַלץ נישט — — — —

ליבע צו זיך — ז'ליבע צו גאָט.
ליבע צו גאָט — ליבע צו זיך...

דענקען האָט פאַרשיידענע פאַזן,
דאָך ווען איינער וועט פרעגן:
וויפל כוואַליעס פאַרמאָגט דער ים,
איז עס אַ קנאַפּע גאַראַנטיע צי דער מענטש דענקט;
אָבער פרעגן וויפל לאַבן ברויט, מילך און בעטן,
דאַרף האָבן אַ „געזונד זאַלבעאַכט"—כאָטש סטאַטיסטיש-עקאָנאָמיש—
איז אַ פאַזע פון רעאַלן דענקען.
דענקען, ווי אַ פּראָצעס פון טראַכטן,
איז אומבאַגרעניצט אינעם געוועב פון פאַזן.

יידן זיינען אַ באַריידעוודיק פאָלק,
אַ ייד — וואָס שרייבט ניט — מוז רעדן . . .

יעדער מענטש, ייד בפרט, דאַרף טראָגן אַ טייל
פונעם אַלוועלטלעכן דענקען פון זיין צייט;
דאָס יידישע? מוז ער, ווי עס איז — אינגאַנצן!

אַ מענטש דאַרף זיין קלוג לויט זיינע שווערע מעשים
איידער מיט זיינע לייכטע, עלאָקווענטע רייד.

געבערן געבערט מען אַליין...
דאָס איז דער אופן פונעם בורא'ס יצירה — — — —

צו באַנעמען שפּינאָזאַן דאַרף אויף עפּעס גלאָזאַרטיקס
דער איך זיך האָבן שאַרף געשליפן — — — —

ס'לעבן וואָלט געווען גאַנץ גוט פאַרן מענטשן
ווען ער זאָל ניט דענקען!
נאָר קוים דענקט ער ניט — לעבט ער נישט — — — —

## ליטעראַטור

זי מוז זיין פֿאָלקיש;
און ווי אַ פֿאָלק, מוז זי האָבן:
וואַסערגיסער, האָלץ-העקער, און שטיין-האַקער;
אָט די מינים צושטעלערס פֿון די דאָזיקע אַרטיקלען
האָבן מיר די והותר, איבער און אַריבער;
שלייפֿערס, יוועלירערס, פּריזירערס —
וואָרטביוטאַניקער — זיינען אַ דוחק.

## דיכטערישע אימאַנענץ

ליד — מלחמה!
אויב זי פֿאַרציט זיך —
פֿאַרלירט מען זי...
די מלחמה האָט געוואונען — לעיעלעס.

## די פֿען

זי ווייסט ניט קיין חכמות;
מען גיסט אָן טינט אין איר — פֿליסט זי!

## ליד

זיי — האָבן געמאָסטן די שורה;
די מעטריק.
מיר — גראָבן דאָס וואָרט;
פֿלאַנצן די אותיות.

## שריפטשטעלעריי

שרייבן איז דענקען;
דענקען? פילן און — נאָך מער קרענקען!

## שרייבער

אַ שרייבער אָן זיין אייגנאַרטיקן סטיל,
איז אַ קלאָץ — אָן אַ שאָטן.

## אייגנאַרטיק

אייגנאַרטיקייט איז שווער,
פאַרלאַנגט עס פון אונדז דעם גרויסן קלער;
אייגנאַרטיק קלערן איז אָפט ניט קלאָר;
טאָר מען עס ניט מעסטן מיט דער וואָר...

## אַ מבין אויף שרייבן

דאַרף זיין פונקט אַזאַ גוטער מבין
אויף גוט שרייבן, ווי עס איז, על־כל־פנים,
אויף שלעכט שרייבן — אַ שלעכטער מבין...

## דערוואַכונג

אַ סך זאַכן פעלן אונדז אפשר ניט אויס;
עס פעלט אונדז אָבער אַלעמאָל אויס — דערוואַכונג.
דעריבער איז ביי אונדז אַזאַ מאַנגל
אין שעפערישע מענטשן.

## ליטעראַטור־שאַפער

די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור,
ווי די קלאַסיקער אין אַנדערע ליטעראַטורן,
זיינען געווען באַוואוסטזיניקע בויער;
די נעאָקלאַסיקער אויך דאָס נעמלעכע —
זייער ספּעציפישע כאַראַקטעריסטישע שטריכן
איז די מייסטערשאַפט, די אינאָוואַציע
פון זייער בויען די ליטעראַטור, די שפּראַך
די לעקסיק, דעם אידיאָם — שפּראַכיסטישן און קינסטלערישן.
אָט־דעם שטריך, אָט דעם אינטעגראַל, געפינט איר
סיי ביי די יונגע און סיי ביי די אינזיכיסטן.

## ליד — ווערזוס ווערק

דאָס קלענצטע ליד, ווי דאָס גרעסטע ווערק,
דאַרף געבויט ווערן ווי אַ זייגער;
דאָס זייגער־ווערק איז אָפּהענגיק פון די קליינע
רעדעלעך, שרייפעלעך און ספּרוזשינקעלעך,
כדי צו זיין אַ גוט ווערק.
אויב זיי זיינען ניט ריכטיק געפּאַסט,
איז דער זייגער בפירוש אויס ווערק —
אַ פאַלשער זייגער, וואָס וועט קיינמאָל ניט גיין ריכטיק
נאָך דער צייט פון די עכטע, אמתע זייגערס —
די קלאַסיש־געבויטע ווערק...

## ווערק — ווערזוס צייט

צייט איז דער בעסטער קריטיקער;
מיט אַ ווערק אויך אַזוי;
עס פאָדערט — צייט.

## שכנישע הילף

דער שכן וואָס האַנדלט מיט פּאַפּיר
רופט אַריין דעם שרייבער
ער זאָל אים העלפן איבערדרייען אַ באַלן פּאַפּיר;
דער שרייבער רופט אָבער קיינמאָל ניט אַריין קיינעם
פון די שכנים אַז מע זאָל אים העלפן איבערקערן אַ וואָרט
אויף דער צווייטער זייט ווען עס שטעלט זיך פּאָפּערעק
צי ווערטיקאַל אים אַקעגן צי אין תהום פאַרזונקען
אָדער עס וויל זיך גלאַט ניט איינשפּאַנען אין דער שורה...
יעדער בורא איז אין זיין שאַפּצייט אַליינינק — — —
און דאָך טאָר ער ניט זיין אומבאַהאָלפן ווי זיין שכן!

## משל שרייבער, נמשל — פיש...

וויפל פלאַץ דאַרף פאַרנעמען דריי פיש:
אַ גרויסער, אַ מיטעלער און אַ קליינער?
געווים דאַרפן זיי האָבן אָרט ווערליק דריי.
ס'איז אָבער פאַרקערט — ניט מער ווי פון איינעם;
מחמת דער גרויסער האָט איינגעשלינגען די קליינע...

## ליבע צום פּאָעט

אמתדיק און תוכיק ליבהאָבן דעם פּאָעט
קען נאָר אַ פּאָעט.
ער קען אָבער, פונקט אַזוי, אים אויך —
אמתדיק האַסן!

## שריפשטעלער, פּאָעטן — קינסטלער

### דער בראַצלאַוער ז״ל

ער קומט יעדע נאַכט צו חלום מיר
און רעדט אַ מעשהדיקע פּראָזע — אַ שיר;
יעדער קלאַנג — אַ ייד;
יעדער געדאַנק — אַ דור;
עס ציען זיך צו אים פאָלק און לשון-יידיש —
אַן אייביקייט פּראָצעסיע — צו אַ באַשעפער אַ באַשערטן.
אָ דו יידישער חלום מיינער;
בלויז דו אַליין ביסט די וואָר פון וואָרן.

### דער הונגעריקער שרייבער
### און דער זאַטער לייענער

דאָס וואָרט איז דעם שרייבער׳ס שפּייז;
ער פּאַלט דערויף אַרויף מיט געפיל און געדאַנק —
אַ חיה הונגעריק און שלינגט עס מיט פאַרצערונג;
דער לייענער? פאַרקערט: גייט צו צו דעם אַ זאַטער;
אָ, לאָמיר נאָר אַ בלעטער טון, פון טשיקאַווע וועגן...
דער טעזים איז אַזוי:
דער שרייבער איז פריער הונגעריק;
ערשט נאָכן ענדיקן דאָס ווערק — זאַט.
ער קוקט דערויף — אָביעקטיוו.
דער לייענער — בעתן לייענען אַמאָל —
און דער עיקרשט — נאָכן לייענען,
צעהונגערט זיך, ווערט אַריינגעצויגן סוביעקטיוו —
קריכט אַריין אינעם ענין שאַפן, נאָדלדיק,
און טראָגט צו צו אַלערלעצט זיין חלק — מיטשאַפן.

## יעקב גלאַטשטיין

אַז ער וויל זיין גוט צו אַ שרייבער
איז עס ווי ג־ט ב״ה איז גוט צו אַ יידן —
ער גיט אים אי געזונט, אי פּרנסה; דערצו נאָך,
אַ גוט ווייב וואָס שיט מיט קינדערלעך און...
אַלע האָבן גוטע קעפּלעך צום לערנען און מסחר —
אַז מען שמועסט, גוטסקייט, האָט ניט קיין גרעניץ
סיי ביי ג״ט און סיי ביי גל״ט —
דעם פּראָליפישן קריטיקער פון אונדזער צייט.
איר הערט? און טאָמער חלילה — פאַרקערט?!
איז הימל עפן זיך! ס'איז גאָרנישט פאַראַן,
אויף הימל און ערד, וואָס סע זאָל דעם נעבעכדיקן
שומר ומציל זיין פון גל״ט פּענטאָרטורעם...
אין דער פינצטער זעט קיינער ניט דעם פאַרבאַהאַלטענעם אפיקומן
אַ חוץ אפשר דער, און טאַקע נאָר דער,
וואָס זיצט מיט אַלע קריטיקער־צדיקים
אין הוילער־בלויזער גלאָריע פון סאַמע אויבנאָן!

## דיכטער — עקס

מוזט אָפּריכטן גלות;
פאַרפאַק דיין עשירות —
דאָס אָרנאַמענטיש־געפליגלט וואָרט.
מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס
וואַנדער איבער דער וועלט;
נאָר אַזוי נאָך וועסטו מסוגל זיין
קומען צום אַנטפלעקטן אָרט
וואו דאָס פּשוטע יידיש־וואָרט גיט עצות.
זע וואָס שלום־עליכם האָט געטון מיט־אָן געלט...
שוין צייט פאַר דיר אַראָפּ פון פרעמדע פּלייצעס.

## צוויי פּאָעטן

לעיעלעס פאַרמעסט זיך נאָך אַלץ מיט פאָרם,
כאָטש ער האָט זי לאַנג, לאַנג באַזיגט אין אַלע אופנים;
ראַזוויטש האָט זיך נאָך גאָרניט אויפגעהערט צו ראַנגלען
מיט איר; ער האָט קיין פּאַסיקע פאַר זיך נאָך ניט געפונען...

## פּאָעטן און זייער תקופה

פּאָעטן וואָס זיינען פאַרקניפּט מיטן פאָלק,
זיינען דער צוזאַמען פון איין קיומדיקייט;
זיי טראָגן אין זיך די ניגונים, די נוסחאות
און דעם גאַנצן תוכן פון דער נאַציאָנאַלער קונסט.
טעמאַטיש, און דער עיקר — שפּראַכלעך
גיבן זיי די ווערטן און די ווערזייעס
פון זייער ספּעציפישער תקופה
אין וועלכער זיי האָבן געלעבט און געשאַפן.
פּאָעטן מאַכן זי זאָל זיין אַנדערש פון אַלע אַנדערע
דערמיט וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אינאָוואַציעס
און אַריינגעאַרבעט אינטעגראַלן קאָלאָריט אין דער לינגוויסטיק —
זייער קינסטלערישער אידיאָם פון צייטלעכקייט.

## קינסטלער—ליגנער?

זיי זיינען דינאַמיש! ספּאָנטאַניש!
זיי מאַכן אַז מיר זאָלן אומדערוואַרט דערזען
זאַכן צוערשט איידער מיר דערהערן זייער קלאַנג.
דער בליץ וואָס דערשיינט אָן דעם דונער-קנאַל,
איז פאַלש? איז אַ ליגנער? איז דונערלאָז?
דאָס אויג דערזעט פריער איידער דאָס אויער דערהערט;
דער קינסטלער איז בליציק; קונסט — דונערלאָז — — — —

## שרייבערישע תאווה

(מיין ליבן מ. גיציס'ן)

פונקט ווי ס'איז דאָ די תאווה
ביים דיכטער און שריפטשטעלער רק צו שרייבן,
אָט פונקט אַזוי דאַרף אויך זיך טרעפן פאַרקערט:
ער דאַרף, למען השם, אויך באַזיצן דעם ווילן
פון־ניט־וועלן — שרייבן...
ניטוועלן שרייבן און דווקא שרייבן
מיט אַ ד אָ ך, איז אַ קינסטלערישע מדרגה.
ביישפיל: ל. ש אַ פּ י ר אָ.

## קונסט־אמתן

(קוקנדיק אויף מאַי זאָלאָטאַראַוו'ס געמעלן)

עס זיינען דאָ אַ וועלט מיט אמתן
וואָס געפינען זיך שוין טיף אין אונדזער בלוט;
מיר דאַרפן פאַר זיי אָסור קעמפן;
דאָס זיינען וויסנשאַפטלעכע אמתן־פאַקטן.
עס זיינען אָבער פאַראַנען אַזוינע אמתן,
פאַר וועלכע מיר דאַרפן זיך אַוועקשטעלן טראַכטן,
קלערן, צי מיר זאָלן זיי אַקצעפּטירן,
די קונסט טראָגט אונדז אונטער אַזעלכע אמתן,
וואָס וועלן אפשר קיינמאָל ניט ווערן — פאַקטן.

## אינטעליגענט

אַן אינטעליגענט איז דער
וואָס גייט־מיט מיט דעם העכסטן דערגרייך
פון וויסנשאַפט און קונסט.

# ה. לייוויק

דער יידישער אַלף־בית קומט צו אים
ניט ווי צוויי־און־צוואַנציק אותיות,
נאָר צוויי־און־צוואַנציק יידן;
נו, וויבאַלד יידן, שפּילט מען זיך ניט
ווי מיט בלויז בוכשטאַבן — מעסט ער, וועגט
און פרעגט דעם גרויסן פרעג ביים יידישן גורל
וואָס צופּט און גראָבט פון זיין פּעדער אַראָפּ.
אָט־דאָס אַלץ, מיטן זאַלץ און שמאַלץ פון יידיש פּאָלק,
פאַריאָרט ער אין זיך און פּאַרטעגט.

די אותיות, די יידן אין לייוויק׳ס של־ראש,
זיי דרייען זיך און שרייען אין דרייען,
ביז אין ווייסקייט זיי ווערן פאַרשנייט
פון זיין יידישן פרעג ביי אים אויפן קאָפּ.
נאָר דאָך — אפילו אותיות — זיינען יידן שורשדיק פאַררינגט
און לאָזן זיך איבער ווייסקייט מיט געדרייטן טראָפּ:
וואָס איז דאָ שייך צו חקירהן? צו ברייען?
אותיות זיינען יידן און יידן — אותיות,
ווען לייוויק, דער דיכטער, צעפלאַמט זיי באַזינגט און באַזינגט.

## שריפטשטעלעריי בכלל; ביי יידן — בפרט

(צו . . .)

שרייבן איז דאָס שווערסטע פּראָבלעם גופא,
הן ווי אַ מלאכה־קונסט און הן ווי אַ שליחות צו די פעלקער;
ווער שמועסט ביים יידישן? דער שווערסטער!
נו, יידיש־לייענער? ס׳איז כדאי מיט אַ זאַאיקן שפּאַצירן גיין?!

# יידישער פילאָזאָף

(צו שלמה סוסקאָוויטש)

אינעם קליינעם שטעטל פון מיינע קינדער־יאָרן,
איז דער באַגריף, פילאָזאָף, געווען אַ סטראַשנע זאַך;
היינט אַ פּשיטא — אַ יידישער פילאָזאָף ?!
דאָס האָט זיך נאָר געקענט אַסאָציאירן מיט — בערלין...
היינט־צו־טאָג טרעפט מען זיך פּנים־אל־פּנים
מיט אַ יידישן פילאָזאָף אין ... בוענאָס איירעס
און מען זאָגט אים גוט־שבת מיט אַ געוויינלעכן
וואָכעדיקן טאָן פון אַ פּשוטן — גוט־מאָרגן!

# ליטעראַטור און פּלאַסטישע קונסט

געמעלן קען מען באַאָבאַכטן
מיט די הענט פאַררוקט אין די אַרבל;
ס'איז גענוג — אויגן.
דאָס בוך פאָדערט אַ חוץ אויגן — איידעלע פינגער.
דאָס בילד הענגט שטענדיק מיטן פּנים צום מענטש — אָפן.
דאָס בוך שטייט צום מענטשן — מיטן רוקן.
ווילסט מיך? טאָ נעם אַרויס די הענט פון די אַרבל!

# די קונסט פון אַ גוטן שרייבער

די קונסט פון אַ גוטן שרייבער איז אָט וואָס:
זיין אידעאַלע פען דערמאָנט אים אָפּט אַז מ'דאַרף זיך אויך,
טאַקע אויף דערזעלבער שורה, אומקערן צוריק,
זיך אומקוקן אויף איר, האַלטן אַ וואַך אויג אויף איר;
זי ניט איבערלאָזן אַ יתומהלע אויף דער וועלטס באַראָט;
ס'הייסט זי ניט אָנוואַרפן אויפן לייענערס האַלדז־ן־אַקן...

## אַברהם רייזען

אַ ליטעראַטור וואָס פאַרמאָגט אַ רייזען,
מוז זיין שעפעריש אין טאַלאַנטן,
און ווי קען זיין אַ ליטעראַטור אָן אַ רייזען?
יעדע ליטעראַטור פאַרמאָגט איר רייזען;
שווער זיך אויסצומאָלן אַ ליטעראַטור אָן אַ רייזען;
די יידישע ליטעראַטור — אַוודאי ניט!
עס געדויערט לאַנג ביז אַ שרייבער גייט-אַריין
אין פאָלק אַריין. ווערן פאָלקיש ביים לעבן
איז אַ זכיה — אַברהם רייזען איז פאָלקישער צוזאַמען.
ער איז אַלף-בית, וואָרים וואָס מ׳זאָל נישט דאַרפן שרייבן
(אַ בריוו צו חתן־כלה צי אַ פסוק אין דער תורה)
מוז מען אָנקומען צום אַלף-בית...

## דער שטריקציער פון אַלע צייטן

דער פּאָעט איז דער שטריקציער
פון די פרייהייטס גלעקער וואָס וועקן
צו פּראָגרעס, פרייהייט און וואָרהאַפטיקן שלום —
די העכסטע און שענצטע שיינקייט איז
ציען די שטריק פון גלעקער וואָס וועקן!

## גייסטיקער בית-עולם

אַ ביבליאָטעק איז אַ גייסטיקער בית-עולם,
וואו עס רוט דעם מענטשנס נשמה;
יעדער בוך — אַ לעבעדיקע מצבה.

## ק ו נ ס ט

פרייד איז קונסט;
טרויער — רעליגיע.

## גראַמאַטיק און קונסט

שפּראַך איז גראַמאַטיק;
קונסט — גראַמאַטיקלאָז.

## דער מאכל — קונסט

קונסט איז אַ גוטער „מאכל“
און ווי אַ מאכל, דאַרף מען זיך צו אים צוגעוואוינען;
אַזיסט פאַרשאַט דאָס בייכל.
וויפל ליטווישע מאכלים קאָן דער גאַליציאַנער פאַרנעמען?
צי פאַרקערט — דער רומענישער דעם פּוילישנס?
מאַמעליגע קאָן מען דאָך אין מויל נישט נעמען!
אָבער דערפאַר קאָן דער רומענישער
איין טאָג ניט לעבן אָן מאַמעליגע . . .
צום מאכל קונסט דאַרף מען זיך אויך צוגעוואוינען.

## די ערשטע טריט — קונסט

קוקן אויף אַ האַלבע קאַרטאָפל
צי אויף אַ האַלבן עפּל קאָן מען ניט צו לאַנג;
אָבער אויף אַ האַלב הייפּטל קרויט,
צי מילגרוים, איז שוין אינטערעסאַנטער;
מיט אַט-דעם-דאָזיקן אופן ק ו ק ן
הייבט זיך אָן די קונסט.

## אַ האָזן-פּיסעלע

אַ יידישער שרייבער האָט געפונען אַ ווייס האָזנפּיסעלע;
דאָס לאַפּקעלע, וואָס גוים טראָגן אויף אַ קייטעלע
ווי אַ קמיע וואָס ברענגט מזל-ברכה און אַלץ.
דער יידישער שרייבער האָט עס טשיקאַווע באַטראַכט
און אויסגעשפּיגן דריי מאָל — אָבערגלויבן! פּע!
נאָר כך הוא איז דערפון אויסגעוואַקסן אַ דילעמע:
וואָס טוט מען דערמיט? ווי וואַרפט מען עס אַוועק?
פּלוצלינג איז זיין אויג געפאַלן קעגן שיפלאָד
מיט מאַנוסקריפּטן וואָס פלאָדיען זיך דאָרט גאַלאָר —
אַהין האָט ער עס, ווי אַ ווילדער, מיט אימפּעט אַריינגעוואָרפן...
אַוודאי איז איבעריק צו באַמערקן, אַז זינט דאַן־אָן
וואָס פאַר אַ מאַנוסקריפּט ער האָט אַוועקגעשיקט אין אַ רעדאַקציע,
האָט מען מיט פאַרגעניגן געדרוקט, נאָר צו קיין מזומן
האָט ער נאָך אַלץ קיין מזל ניט געהאַט; מיטן האָזנפּיסעלע...

## טשוירטשיל און דער יידישער שרייבער

טשוירטשיל האָט געזאָגט אין קאָנגרעס פון וואַשינגטאָן:
איך בין ניט געקומען נאָך קיין גאָלד — נאָר שטאָל!
דער יידישער שרייבער זאָגט צו זיינע לייענערס:
כ׳וויל נישט קיין גאָלד און נישט קיין שטאָל פון אייך;
נייערט אַביסעלע אָנשטענדיק פּאַפּיר...

## נאָר ניט קליגער פונעם בוך

זוכט ניט צו ווערן קליגער פונעם בוך,
היינטיקע צייטן אויב מע ווערט נאָר נישט נאַרישער
לייענענדיק אַ בוך, איז שוין אַ מדרגה...

## מיטצייטלער —

דער ראָמאַניסט קרימט נאָר מיט די פּיסקעס;
דער פּאָעט כליפּעט און וויינט פּשיטא דפּשיטא;
דער קריטיקער בלויז לאַכט און, איז שפּאַסיק —
ער איז אַלץ נאָך דער קיבעצער, „דער לעבעדיקער"!
ער וועט שוין בלייבן ביז די ניינציקער אָט אַזוי־אָ.
מיט געביילטע פויסטן און הומאָר — אין די אויגן!

## אומשטערבלעכקייט

זי ליגט ניט קאַפּריזנע אין די הענט
פונעם מאָרטאַלן בן־אָדם, נאָר פאַרקערט:
האַלט זיך אָן געשטאַרקט און פאַרמויערט
אין דער פאָלקס אומשטערבלעכער געשיכטע —
דעם קינסטלער׳ס יחוסדיקע אומשטערבלעכע אינזיכיסטיק,
ווערט דאָרט נאַציאָנאַלע פאָלקס־איכיקייט
וואָס לעבט און געדייעט אין פאָלקישער אומשטערבלעכקייט.

## אומשטערבלעכקייט — עפּעמערע

אויב מען מוז זי קריגן בלויז באַלד,
נאָר ביים לעבן, אַ טאָג ניט שפּעטער,
טאָ לעבט זי טאַקע ניט מער ווי אַ טאָג —
דעם מענטשנ׳ס טאָג־עפּעמערע...
אומשטערבלעכקייט לויפט אין די דורות אַריין;
זי וואָרצלט אין פאָלקישן מוח און מאַרך;
אַזאַ אומשטערבלעכקייט אָנטרעפן איז — אַ מורא...

**אַ מענטשנס חכמה** דאַרף מען אורטיילן לויט זיינע שווערע מעשים, איידער לויט זיינע לייכטע, עלאָקווענטע רייד.

## גלויבן אויפן וואָרט און אויפן ווערק

דער שריפטשטעלער שרייבט אונטער זיין נאָמען
גלייך ביים סאַמע אָנהייב איבער זיין ווערק;
דער פּלאַסטישער קינסטלער — ביים סאַמע סוף
אין אַ ווינקל ערגעץ; און מיט דריבנע אויתיות:
„אַני הקטן, פּלוני בן פּלוני.”
דער ערשטער מיינט, צום סאַמע אָנהייב,
ער וועט און וועט — מרעיש עולם זיין!
דער צווייטער זעט שוין זיין דערגרייך...
דער שרייבער האָט גלויבן אינעם וואָרט;
ער וועט מיט דעם מירצעשעם אַרויסברענגען
געדאַנקען-און-זאָגן — אַ ווערק!
דער פּלאַסטישער קינסטלער האָט פאַרב און פאַרב;
אַ פאָרמלאָזע מאַטעריע וואָס מישט זיך ערשט...
ברענגט ער טאַקע גלייך ביים אָנהייב,
אויפן אָרט, זיין גאַנצן באַשאַף:
וואָסי, איר גלויבט מיר נישט?
אָט איז מיין ווערק!
דעם שרייבער דאַרף מען דעריבער, גלויבן אויפן וואָרט;
דעם פּלאַסטישן קינסטלער — אויפן ווערק...

## אינדיווידואַליטעט

אינדיווידואַליטעט איז מאַרך און ווידעראַמאָל — מאַרך.
און מאַרך — פעט. אַלע מאָל — אויבן.
שווימט עס, סוף-כל-סוף, איבערן אויבערפלאַך;
אינדיווידואַליטעט — ווי דער אמת —
שווימט אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער...

## פונעם סוף — צום אָנהייב...

דעם ליטעראַטור-פאָרשער׳ס ווערק
גיט אַרויס די אַקאַדעמיע.
דעם קריטיקער׳ס — אַ פאַרלאַג.
דעם שרייבער׳ס — ער אַליין...

## דער שרייבער האַלט אַלעמען — ביזי...

ער אַליין — — — שרייבט.
דער קריטיקער — — — רייבט.
דער ליטעראַטור-פאָרשער — — — קלייבט.
און ליטעראַטור — — — בלייבט — — —

## רעטעניש

איינער פאַרזייעט עס;
דער צווייטער באַגראָבט עס;
דער דריטער — גראָבט עס אויס.
(שרייבער, קריטיקער — ליטעראַטור־פאָרשער...)

## דער מזומן...

וואָרטקינסטלער — אָריגינאַטאָר;
קריטיקער — אָבליגאַטאָר;
ליטעראַטור-פאָרשער — קאָריגאַטאָר!

## שבת און וואָך

שבת איז דער צוגעדעקטער אַחריות-טישטוך
איבערן יידישן האַנדל-וואַנדל אינדערוואָכן.

## דעם קינסטלער'ס אָנכי

יעדער קינסטלער, אַ חוץ וואָס ער גיט זיין אַני מאמין,
גיט זיין אייגענעם אָנכי, זיין איך־פּערזענלעכקייט,
אויך דעם איך פון זיינע אידייען, געשטאַלטן
און אַוודאי פון דער געשטאַלטונג זיינער — באַשאַף.

## עסן אין דער פינצטער — יאָ!
## שרייבן אין דער פינצטער — ניט?

ווען איז עס אַמאָל נישט אויסגעקומען
צו עסן אין דער שטאָק פינצטערקייט?
אָבער שרייבן אין דער פינצטער?
מעגלעך אַז קיינמאָל ניט.
ס'טרעפט זיך אָבער אַ סך מאָל
ביים שרייבער פון אַ גרויסער פּראַקטיקע — — — —

## דיכטונג — אייביקע אַנטפּלעקונג

דיכטונג אַנטפּלעקט אַלע עקזיסטענצן;
אַ חוץ אין זיינע פעליטאָניסטישע פּאָעמעס
באַמיט זיך אַהרן צייטלין, אין זיין דיכטונג
צו אַנטפּלעקן די העכסטע עקזיסטענץ פון עקזיסטענצן —
די אייביקע אַל־איין־עקזיסטענץ.

## קאָלעגן

איך האָב ליב קאָלעגן־שריפטשטעלער
וועלכע זיינען קרעאַטיוו און טראַכטן קינסטלעריש;
די אַלע אַנדערע האָב איך פיינט — איך האַס זיי —
צו קריטיקער האָב איך דעם זעלבן געפיל
ווי צו די ערשטע און אַמאָל ווי צו די צווייטע...

## דיכטער — אָפּענער בוך

דער דיכטער, ווי דער ייד,
שרייט אויס צו דער וועלט די אינטימסטע איבערלעבונג;
יעדער ווייטיק, פּיין און יסורים;
דער אָפנסטער בוך איז דער דיכטער—
ער קומט מיט זיין אייגענער היראָגליפיק — — — —

## דיכטער — בלויז מיט זיך!

אַ דיכטער איז דער
וואָס אַפילו זייענדיק
צווישן די עלנבויגן פון המון,
איז נאָענט בלויז מיט זיך אַליין...

## אַ יידישער שרייבער

אַ פּרוכפּערדיק געוויקס וואָס מע דאַרף ניט פלאַנצן;
אַ פּרי וואָס מ'איז פּטור צו מאַכן אַ ברכה איבער איר.
וואָרים מע עסט זי ניט; אַ לעק מיטן צונג און... פּטור!
ער איז דער איינציקער וואָס האַלט-אויף די יידישיסטיק
ווי אַ געבאָט: פּריה-ורביה, און פילט אַ טעם אין דעם————
ס'איז אַן אויסדערוויילטקייט צו זיין אַ יידישער שרייבער.

## אַ קל־וחומר...

אָן דעם פּאָעט וואָלט ניט געווען קיין זמירות,
אויך ניט קיין נאַציאָנאַלע הימן אפילו;
היינט אַ קל-וחומר — קריטיקער? !
אַזוינער וואָלט מסתמא געקליבן שמאַטעס...

## פאַרשטענדלעך איז נאָר אַ זייגער

ווען מען זאָל קענען אָנווייזן דעם ווערט
פון דער קונסט און אירע קינסטלער
אויף דעם פאַרשטענדלעכסטן אופן פאַר אַלעמען,
וואָלט מען מסתמא דערפונדן אַ ציפערבלאַט אויך
מיט ווייזערס, וואָס וואָלטן אָנגעוויזן דייטלעך:
פערטל קונסט; האַלב קונסט; גאַנץ קונסט...
איך פרעגט: ווי שפּעט? ענטפערט מען אייך:
פיער מיט צוועלף מינוטן מיט זעקס סעקונדן —
פאַרשטענדלעך איז נאָר אַ זייגער— — —

## דער סימן—צייט

יעדער בוך, יעדער ווערק דאַרף פאַרמאָגן אַ געדאַנק,
אַ וואָרט, אַ ליניע, אַן אות, אַ צייכן,
אפילו בלויז אַ רינגעלע די גרויס,
כדי דערקענען דעם סימן פון דער צייט,
דעם דור אין וועלכן ס'איז באַשאַפן געוואָרן.

## וואָרט־טייטש

אַזוי ווייס איך גאַנץ גוט דעם טייטש: עקסטראַוואַגאַנט,
נאָר אין שייכות מיט אַן ענטפער פון אַ רעדאַקטאָר
בנוגע דיכטונג, עסייאיסטיק — פאַרליר איך דעם טייטש;
איך פאַרשטיי ניט דעם טייטש פון וואָרט;
איך טאַפּ אין דער פינצטערקייט פון שפּראַך—
ס'לשון ווערט הוילע רעטעניש — — — —

„טויטע ליטעראַטור“ באַצאָלט זיך זייער גוט.
לעבעדיקע — איז שוין נמאס צו שנאָרן...

## שריפטשטעלעריי מיט אַ משל — האָלץ

איינער נעמט לעבעדיקעביימער
און צעהאַקט זיי אויף שפּענער!
אַ צווייטער, צעזעגט זיי אויף פאַרשיידענע קלעצער;
אַ דריטער, שניצט זיי, פאַרבט זיי און באַמאָלט זיי;
אַ פערטער, שטעלט בלויז צו — האָלץ צום פאַרקויף...

## די קעגנוואַרט און איר שרייבער

צו דער קעגנוואַרט האָבן מיר ניט קיין געדולד
און מיר ווילן ניט זיין זעעוודיק צו איר;
מיר קענען זי צו גוט און דעטאַליזירט.
צום שרייבער פון אונדזער צייט — אויך אַזוי.
דאָס נעמלעכע — צו זיין ווערק.
אָט־דאָס אַלץ איז ניט קיין סתירה
צו זיין געדולדיק און סופּערזעעוודיק
צום שרייבער און ווערק פון דער אַנטיקער וועלט.
ס'איז נייטיק אַ טראַכט־צו־טון אַביסעלע,,
אָה? ווי? איר טראַכט ניט מכוח אַזוינע זאַכן?
איז נישט! אָבער וויסנזיין מעגט איר עס סיי־ווי־סיי!
ווי זאָגט איר — — — אומגעטראַכטערהייט...

## וועגן גוטע שרייבער און פּאָעטן

(צו . . .)

פאַר די בעסטע שרייבער און פּאָעטן
ווער א י ך די כפּרה;
שלעכטע? מעגן פאַר מיר ווערן די כפּרה!

## דער פאַראורטיילטער שרייבער...

(צו . . .)

אָט־דער איז ניט קיין שרייבער
וואָס זעצט זיך אַוועק ביים שרייבטיש
אויסזיצן און אויסשוויצן טראַכטן און קלערן.
אַ שרייבער איז דער וואָס זיין טראַכטן און קלערן
זעצט אים אַנידער זיך אַ קאַפּיטשקע אָפּרוען לעם שרייבטיש.
פאַראַן שרייבערס וואָס שרייבן דורך זייער זיצן
און זיצן איבער זייער שרייבן...
אַזעלכע שרייבערס זיינען נעבעך פאַראורטיילט
צו זיצן מער ווי צו שרייבן — — —

## קונסט און די נאָז

קונסט טאָר זיך ניט פאַרלאָזן
בלויז אויפן אויג אליין,
ווייל צווישן אויג און אויג
ליגט אַ לאַנגע מחיצה—די נאָז ;
זי איז עס גראד די עסטעטקע !
דערימעך איז קונסט פאַרשיידנאַרטיק
מחמת פאַרשיידנאַרטיק זיינען די — נעזער...

## צו אַ קאָלעגע

גיב זיך ניט אונטער דעם רעדאַקטאָר;
טאָרסט ניט און קאָנסט ניט ווערן אויס דו ;
מיטן קאַפּיטולירן וועסטו אויפהערן צו עקזיסטירן
ווי אַ דואיקער; סט׳ווערן אַן אַלעדיקער —
אַ גוס־רעגן, אַ זאַווערוכע — — — כחול־הים — — — —

## קונסט

קונסט איז עלטער פון דער ברויט־פראַגע;
זי איז די יחידותדיקע עקספּרעסיע
זינט אָדם הראשון ביז דעם היינטצייטיקן קינסטלער.
זי לאָזט זיך פאַרראַשטשינען און אפילו — קנעטן;
אָבער זי גייט ניט איין מע זאָל זי — באַקן...
ווען בעלעטריסטיק איז אַקטועל, מיט אַ דווקא,
איז זי דינאַמישע ליטעראַטור;
אין איר פאַרגאַנגענהייט — קולטור.

## פּאָעזיע און פּראָזע

פּאָעזיע איז חלום
וואָס קאָן קיינמאָל אינגאַנצן
זיך ניט אויסחלומען — ביזן סוף.
פּראָזע איז וואַכזאַמקייט
זי דאַרף שטענדיק שטיין אויף דער וואַך;
זיך היטן פאַרן מינדסטן לבנה־דרעמל...

## דער יש מאַין

יעדער זאַך מוז זיך האַלטן
אויף אַ רוקנביין — אַ שטאַם.
פלייש קאָן זיך ניט האַלטן אָן ביינער;
היינט אַ פּשיטא אויף וואָס האַלט זיך
טאַקע פאַרט אונדזער אייגענער גייסט?!
אַדרבה, שרייבט אָן אויף וואָס — — — —

## פּראָזע — סיי אַזוי און סיי אַזוי...

דער וואָס קען ניט שרייבן קיין פּראָזע,
קען אויך ניט ריידן — פּראָזע...

## פּאָעזיע און פּראָזע

פּאָעזיע איז דער אופן פון סוביעקטיוון זאָגן ;
פּראָזע, דער אופן פון אָביעקטיוון דערציילן ;
אויב אַ פּראָזעניק באַזיצט דעם אופן פון סוביעקטיווקייט
איז ער טאַקע בבחינת משורר, אַ פּאָעט.
דאָס וואָס דער פּאָעט גיט אין דער טיף,
גיט דער ראָמאַניסט אין דער ברייט.

## ליעסין! ליעסין!

אַ ליטוואַק, אַ סאָציאַליסט, אַ פּובליציסט,
אַ רעדאַקטאָר און אַ דיכטער פון גרויס פּאַרנעם ;
מיט דעם אַלעם-גוטן האָט ער אויסגעפילט די **צוקונפט** ;
ער האָט געוואוסט בשעתו דעם שפּעריש ווערט
אַז די „צוקונפט" נייטיקט זיך אין זיין רעדאַקטאָרשאַפט.
היינט ווייסט מען בלויז פון די שווער-געמאַכטע אַבאָנענטן
וואָס אַ דריטל פון זיי מאַכן ניט אויף דעם זשורנאַל ;
אָבער די רעדאַקציע ציטערט מיט זייער ליט-געשמאַק . . .

## ניט קיין געטראַכטע רייד

ריידן ניט קיין געטראַכטע רייד
איז פּונקט ווי מע וואָלט הרגענען
אַ קליין, לעבעדיק, אומבאַהאָלפן באַשעפעניש ;
היינט אַ פּשיטא שרייבן ניט קיין געטראַכטע רייד?
איז ווי מע וואָלט הרגענען אַ זויגלינג מיט אַ זקן צוזאַמען !

## קינסטלער־פּערזענלעכקייט

קונסט איז אַן אומענדלעכע מדבר־רעטעניש.
ווען ניט דער מ ד ב ר (מעדאַבער) — דער אָאַזיס
וואָס שטייט אין סאַמע צענטער,
וואָלט מען אין איר פאַרלאָרן געגאַנגען, אומגעקומען.
דער קינסטלער מיט זיין פּערזענלעכקייט
פירט דעם געניסער אַריין און אויך — אַרויס.

## מאַניפעסטאַציעס! מדרגות — טראַכטן

פאַראַנען שרייבערס וואָס טראַכטן — ניט.
אַנדערע שרייבערס — טראַכטן יאָ.
און ווידער זיינען פאַראַן שרייבערס
וועלכע טראַכטן — אויפן וואָרט.
גאָר אַ סך טראַכטן — אויפן טינט...

## איניציאַלן־רעטענישן פון דער לעצטער קאַטעגאָריע

נ. מ. איינער; ז. וו. צווייטער; י. א. ר. דריטער.
אָט־די דאָזיקע שרייבערס טראַכטן ניט — אויפן וואָרט;
אַוודאי און אַוודאי טראַכטן זיי ניט — אויף דער פען!
נאָר קוקן זייער שטאַרק — אויף די פלעשלעך טינט...

## איך לייקן אין צייט

די געניאַלסטע איינפאַלן קומען
צום מענטשן אין איין סעקונדע;
אַ בליץ — און דאָס ווערק איז דאָ.
אויב ס׳איז נישט אַזוי, איז עס אַ קוואַטש!
סטיל נייטיקט זיך אין צייט; פאָרם!
אָבער נישט — ווערק...

## אַ ווענדונג צו יידישע שרייבערס

הערט, טייערע קאָלעגן, יידישע שרייבערס;
דענקט איר ניט, ס'איז אַ ליטעראַרישער חוב
אַז אויף אונדזערע ביכער זאָל זיין געדרוקט:
באַרדיטשעוו, זשיטאָמיר, קיעוו און אדעס?
הונדערטער יאָרן אַז זיי האָבן אַרויסגעגעבן
יידישע ספרים און ביכער, און צייטונגען,
איז צו וואָס זיי פאַרגעסן און פאַרשעמען?
יידן זיינען דאָך פאַראַן דאָרט, שרייבערס אויך;
מסתמא וויל מען דאָך אַרויסגעבן יידישע ביכער,
אלא וואָס דען? ס'פעלט פאַפיר!...
איך הויב אָן דער ערשטער:
מלוכה-פאַרלאַג — אַליין. שטאָט — קיעוו...

## אַ שמח בחלקו

צו זיין אַ שמח בחלקו איז די גרעסטע מעלה,
אָבער ניט ווען עס קומט צו קונסט און צו לערנען;
איינער וועט זיך אויסלערנען דעם אַלף־בית פון זאַכן
און זיין ביי זיך אַ שמח בחלקו —
איין קליינקייט! ער קען **אַלף־בית**...
אַ שמח בחלקו מיטן אַלף-בית אַליין,
איז אַן ערגערע זינד ווי צו זיין אומצופרידן
מיט געזונט, פרנסה און באַרימטקייט — — —

## שאַבלאָן

אפילו אַ שטיינגעבליבענער זייגער
זאָגט צוויי מאָל אין טאָג דעם אמת;
אַ פשיטא — אַ קאַליקע אַ שרייבער...

# שאַמפּאַנישע געדענקעניש

(דעם ריטער פון חצות־געטראַנק)

**פּאָעזיע — די קונסט פון קונסטן —**
איז צוזאַמענגעשטעלט פון קליינע שטיקעלעך,
ברעקעלעך וועלט־לעבן וואָס האַלטן זיך אָן
אויף נאָך פּיטשינוטקעלעך־מינוטקעלעך שוועבן
פון געאָמעטרישע טיילן — ווערטער און שורות;
די פּאַפּירענע בריק — יידישע פּינטעלעך, יידיש לעבן;
הייליקע פּינטעלעך אויף אַ נאָך קלענסטן שבקלענסטן פּינטעלע.

איי, ווי גוט ס'איז צו זיין אַ חדוהדיקער ייד
ביים אָפּריכטן חצות מיט דיין מ ד ר ש - א י צ י ק —
פלאַמיק אַזוי און אַנדערש ווי אָרים־רייך,
אַז אַלץ וואָס ביי אונדז איז קרום,
זאָל ווערן — אויב נישט גאַנץ גלייך —
כאָטש אַביסל אוים — שפּיציק!
נאָר מער פון אַלץ — אוים שטום...

# פ אָ ע ט

אליעזר גרינבערג'ן

ער איז געגליכן צו אַ דונער.
ער קומט ניט גלאַט אַזוי זיך;
נאָר פאַלט אַראָפּ — אומגעריכט!
צעצינדט — די לאַנגע נאַכט — — — —

# א ו י ב . . .

אויב אַ דיכטער שרייבט אָן אַ גוט ליד,
אַ נאָוועליסט — אַ גוטע נאָוועלע;
מעג דער קריטיקער זיך פאַרגינען אויסווישן די ברילן...

## שרייבן — אַ מעשה אָן אַ סוף

דער שרייבער צעלאָזט זיך אויף אַלע קינסטלערישע כלים;
דער קריטיקער באַשטעטיקט: יאָ, ס'איז אמת.
צי פאַרקערט: ניין, ס'איז ליגן!
אַזוי צי אַזוי — כאָטש קיינמאָל ניט אַנדערש —
דער שרייבער פליט אַרויס פון זיינע כלים;
דער קריטיקער האַלט זיך ביי זיינעם;
זיין אייגענע, קאַלטע רעפּליקע —
ער שפּרינגט ניט אַרויס פון גאָרנישט ניט;
ער האָט ניט אין זיך קיין כלים...
דער שרייבער בלאָזט אויפן קאַלטן און הייסן;
דער קריטיקער בלאָזט — בלויז אויף קאַלטן — — — —

## מאַני לייב

פּאָעטן זיינען די קינדער פון דער וועלט;
אַ דאַנק זיי ווייסט זי אויך שוין
פון איר אייגענער וועלטיקער קינדערישקייט —
פּאָעטן לאָזן ניט אָנוואַקסן אויף איר
נישט קיין באָרד און נישט קיין פּיאות!

## אַבא גאָרדין

אַ תלמיד־חכמדיקער זיידע
מיט אַ קול פון אַ פאַרשייט אייניקל, אַ פּיקאַדאָר.

## מדרגות

דענקען איז קרענקען;
קרענקען — דענקען;
די ריינסטע יידישקייט...

## שרייבער, קריטיקער — פאַרשער

שרייבער, קריטיקער, ליטעראַטור-פאָרשער —
דער אייביקער טראַדיציאָנעלער מזומן.
חס וחלילה פעלט דער שרייבער? —
איז אוים מזומן!
פאַרקערט: פעלט דער קריטיקער?
ז׳דאָ אַן אַנדערער.
פעלט דער פאָרשער? קומט אַן אַנדערער.
נאָר קוים חלילה פעלט דער שרייבער? פעלט ער!
דער שרייבער איז ניטאָ — קיין אַנדערער...

## מיר האָבן...

מיר האָבן איין — שלום-עליכם
און אַ סך שלום-עליכם-קריטיקער.
און אַזוי־אָ — אַד אינפיניטום; (עד אין-סוף)
אַ מעשה אָן אַ סוף און אַ סוף אָן אַ מעשה;
די מעשה פון אַלע מעשיות — — —

## שרייבן, קריטיקירן

שרייבן איז קאָמפּאָזירן.
קריטיק — אַנאַליזירן.
ניטאָ קיין קאָמפּאָזיציע,
איז אוים — קריטיקיציע...

קאָמוניזם — רעליגיע
אָן אַן אויבערשטן גאָט — — —

## ש. מיללער׳ס ביאָגראַפיעס . . .

אַ לייענער פרעגט מיר מעשה ידען:
דור הפלגה איז אַ גוטע אויטאָביאָגראַפיע?
אַ גוטע, ענטפער איך.
דור המדבר, העכערט ער זיין קול,
איז נאָך אַ בעסערע אויטאָביאָגראַפיע.
נאָך אַ בעסערע, שפּאַר איך זיך ניט.
איז וויפל אויטאָביאָגראַפיעס דאַרף עס אַ שרייבער
גיבן דעם לייענער אין איין קורצינקן לעבן?!
נישטאָ קיין שיער. און מיללער, לאָמיר האָפן,
וועט אונדז גיבן כאָטש נאָך איינע — דור הגאולה...
סטייטש! שטעלט ער אויף דאָס וואָרט ווי אַ באַריקאַדע.
זאָג איך אים געלאַסן, ווי אַ תלמיד פון רבי הלל:
ווייסט איר דען ניט, אַז קונסט איז אויטאָביאָגראַפיש?
אָ, אַנטשולדיקט! כ׳האָב וועגן דעם אינגאַנצן פאַרגעסן, ניש׳געטראַכט!
אַדרבא, זייט אומרואיק מכוח דעם ווי דער שרייבער;
טראַכט, כאָטש אַ טאָג מיט אַ נאַכט. טראַכט! טראַכט!

## קונסט

קונסט, אַז מען וויל זי איינוויקלען,
פאַרפּאַקן, ווערט זי דאָס קלענסטע פּעקעלע
פון אַלע איינגעפּעקלטע פאַרפּאַקאַכצן;
אָבער קוים וויקלט מען זי פאַנאַנדער,
ווערט זי דער קוואַנטום פון מיריאַדן
אויפגעוויקלטע וויקעלעך און ווינדעלעך
וואָס צעשפּרייטן זיך איבער אַלע דורות
און ווערט דער כוח פון אַלע אומגעגרענעצטע מחשבות —
קונסט. קונסט. אָט דאָס איז קונסט — וואונדערלעך!

## ליטעראַטור ווערזוס איציק מאַנגער

ליטעראַטור איז דער שבת-יום-טובדיקער טישטוך
וואָס דעקט צו דעם יידישן האַנדל-וואַנדל
פונעם מיזערנעם ערדישן אינדערוואָכן.
פּאָעזיע — די בענטש-ליכט.
איציק מאַנגער — די שבת-יום-טובדיקע הבדלה
וואָס לאָזט ניט צו דעם דלותדיקן אינדערוואָכן.
ער האָט די פּלייט געטוליעט און געליוליעט
צו די יידישע שעפּטשענדיקע פאָלקס-ליפּן —
עס וויינען און לאַכן דורך איר, שטיפעריש,
יונג און אַלט: די אָבות און די פּורים-שפּילערס
פון אונדזער יידישן וואָרט-קיניגרייך פון דורות.

## יצירה און קריג...

(צו מ. ח. ט.)

צו יצירה האָט מען שטענדיק טענות,
מחמת זי צווינגט אַרויף אויף אונדז
אַ פּאַרטיקע זאַך, אַ גרייטע אויסדריקלעכקייט;
אָט אַזוי איז עס ביי מיר און — פּאַרטיק;
ס'איז מיין מאָדוס און גיי קריג זיך מיט מיר!
נו, קריגט מען זיך טאַקע מיט איר...
אָבער צי דער קינסטלער דאַרף עס פאַרענטפערן
אָט-די קריג? דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער שאלה!

## דער פאַרביטערטער שרייבער

ער וואָלט שוין לאַנג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד
נאָר ער פאַרגינט ניט דעם פאַרגעניגן
וואָס זיינע שונאים וועלן דערפון האָבן,
וועט ער זיך שוין בדאי אַ קאַפּיטשקע צומוטשען
ביז זיי וועלן אויסשטאַרבן — פאַר אים...

## זכרון — קריטיק׳ס חסרון!

אונדזער יידישע קריטיק האָט איין חסרון:
זי זעט ניט; הערט ניט; פילט ניט, נאָר יאָגט זיך אום
(אויף הילצערנע גליטשערס)
אויף איר אייגענעם זכרון וואָס איז פאַרפראָרן
און וועט שוין צו פּאָעטישער זעעוודיקייט — ניט פאַרפאָרן.
איין איינציקער חסרון ביי דער אַלטער קריטיק:
זי ליידט פון צופיל פּאַטאַלאָגישן זעלבסטזיקאָרוויניזם...
פון וואָס נעמט זיך אָט-די מחלה? זי ווייסט!
מ׳קען נישט לויפן באַגלייך מיטן יונגן הירש
און כהרף־עין צילן מיט דער ביקס, פונקט אין מוח אריין...

## פאַר משיח׳ס צייטן

אויף יעדער וואַסערדיק ווערק,
זעצן זיך אָן זיבן קריטיקער
און שטופּן די פינגער אַהין
און שרייען: אוי־וואַ, ס׳איז טיף — סכנות...

## די קונסט פון הערן

ווער לערנט אונדז די איידעלע קונסט — הערן?!
אַלע קונסטן לערנט מען דעם מענטשן,
נאָר די קונסט פון הערן דאַרף ער זיך אַליין לערנען...

## די גרויסע לאַבאָראַטאָריע

די גאַנצע דערפאַרונג פון אַלע דערפאַרונגען,
ליגט אין די אָפענע קוואַלן פון דער נאַטור;
לאָמיר זיך צוקוקן צו איר לאַבאָראַטאָריע פון חכמה...

## אייערע

צו מיר פאַלט אַלע מאָל צו די לייענער־טענה:
ווער קען זיי פאַרשטיין, אייערע גלאַטשטיין־לעיעלעס ?!
די אינזיכיסטן־פיינשמעקער ?! ס'איז טערקיש!
זיי שרייבן אָבער אויפן שענצטן יידיש, האָב איך באַמערקט,
און מוסיף געווען: העי, לייענער!
ווי קומט עס וואָס איר זייט אַזאַ גרויסער בקי
און שטאַרקער מבין אויף טערקיש ?
האָט ער זיך צעלאַכט און ביים ברעג האָריזאָנט
האָט דער הימל־עפן־זיך געגומען רויטלען אויפן ראַנד
פון זיין פאַרשעמטער פינצטערקייט — — —

## צוויי אופנים פון פאַרשטיין אַן ענין

דער ערשטער, ווען מע וויל פאַרשטיין
בלויז דורך הערן פון יענעם;
דער צווייטער, ווען מע שטרעבט צו פאַרשטיין
נאָר דורך זיך אַליין...
וועלכער אופן איז דער גרינגסטער ?!
אָן ספק — דער צווייטער! — — —

## „די צוקונפט" איז שוין לאַנג אויס צוקונפט

פאַר דרוקן עקסטרעם־אויסגעדריקטע געדאַנקען,
אין וואָס פאַר אַ פאָרם זיי זאָלן זיך מאַניפעסטירן,
הענגט מען ניט קיין רעדאַקטאָר דערפאַר, חלילה,
און די שריפט גייט צוליב דעם מאָטיוו נישט אונטער;
בפרט די לייענער פון דער אַלטער שריפט, „די צוקונפט",
זיינען שוין לייענער מיט אַ סטאַזש אין יאָרן —
זיי קענען שוין אויסלייענען די צוקונפט אָן אַ רעדאַקטאָר...

## אַ שרייבער און זיין דור

אַ שרייבער ביי אונדז יידן, בפרט אַ היינטצייטיקער,
טאָר זיך ניט דערלויבן צו פאַרווינקלען זיך
אין זיין אַליינקייט, ליפערן נאָר זיין אייגן ווערק;
ער מוז, ווי אַ חוב מצד אים צו זעען אַז סע זאָל
מקוים ווערן דאָס ווערק פון אַ צוזאַמען;
אַ שרייבער־פּערזענלעכקייט איז תמיד גורם
אַ צוזאַמענדיקע אַרבעט מיט זיינע מיטצייטלער;
אויב ניט איז פאַראַנען זייער אַ סך אָפּצופרעגן
דעם איענרלעכן שייכות: שרייבער און זיין דור...
אַ שרייבער, וואָס באַשאַפט ניט קיין **צוזאַמען**,
איז אַ בוים אָן אַ וואַלד — דער ווינט צעגאַרטלט
זיינע פאַלעס און די זון צעשמעלצט זיין קרוין...

## שרייבערישע סביבה

אַ שרייבער דאַרף קענען לעבן גאַנץ
אין אַ שרייבערישער סביבה פונקט
ווי ער קען — ווי אַ ייד — לעבן
אין אַ גויאישער סביבה
און דאָך בלייבן אַ יידישער שרייבער.
דאָס איז ספּעציעלע קונסט
פונעם יידישן וואָרטקינסטלער
וואָס מוז קענען לעבן אין אַ געטאָפּלטער קונסט...

## דאָס בעסטע בוך

ערשט בוך: פאַר מיר האָט מען באַצאָלט 25 דאָלאַרן.
צווייטס: מיך קויפט מען נאָר פאַר חנוכה־מתנות.
דריטס: מיך האַלט מען אין איין צוגנבענען...

# קריטיקער

א. טאַבאַטשניק—אמת ?

ביי אונדז יידן איז דאָ א באַגלויבטקייט,
אַז אַ ליטעראַטור-קריטיקער איז נאָר דאַן גוט,
ווען ער איז ווי אַ ריינער עקס-רעי;
אַזוי איז נאָך ביי פילע פאַראַן אָט-די מיינונג;
אַביסל אין אַ געוויסן פּרט, איז ריכטיק,
אָבער כדי צו שטעלן דעם אמתן דיאַגנאָז
וועגן מחבר און ווערק, מוז ער ווי דער ערשטער,
אַלצדינג וואָס איז נוגע שרייבן, אַקערן מיט דער נאָז;
אָט אַזאַ-אָ וואָלט געווען דער אידעאַלער קריטיקער;
פול מיט חבלי-לידה און מסירת-נפש — אַ צושטייערער
און ניט — פון טאַלאַנטן — דער צעקייערער !

## יידישער „טעריטאָריאַליזם"

דאָס וואָס אַנדערע פעלקער האָבן געאַקערט, געזייעט
און געפלאַנצט זייערע פעלדער און וויינגערטנער,
האָבן יידן געטון מיט זייער לשון — שפּראַכיסטיק
האָט אויסגעלאָדן, קינסטלעריש, זייערע געפילן און השגות;
אַלע אונטערדריקטע פאַרלאַנגען אַריינגעאַרבעט אין וואָרטקונסט.

## דיכטער און דיכטונג

זיבן מאָל פאַרשטעלט מען דעם וועג פאַרן דיכטער
און ער שפּרינגט אַריבער אַלע צוימען
און גייט פאָראויס צו זיין דיכטונג —
דער עכטער דיכטער, פריער צי שפּעטער,
קומט אָן אינעם לאַנד פון דער דיכטונג.
ער איז קיינמאָל ניט צו-שפּעט...

## משיח—בן העולם

ס׳איז פאַראַנען אַ מאָמענט ביי מיר
ווען איך פיל אַז איך קאָן אַראָפּברענגען משיח׳ן;
משיח׳ן פאַר זיך, ס׳איז גרינג...
אָבער פאַר מיר אַליין? וואָס טויג משיח — — —
פאַר דער גאַנצער וועלט ברענגען משיח׳ן;
אָט־דאָס איז שוין אַ האַרבע מעשה!
צו ברענגען משיח׳ן פאַר זיך אַליין?
דאַרף איך בלויז צוגיין אין אַ ווינקל וועלט
און אים אָנרופן ביים נאָמען אויפריכטיק,
פון די טיפעניש פון מיין האַרצן;
און ער וועט גלייך קומען צו מיר אין ווינקל אַריין...
אָבער צו קענען ברענגען משיח׳ן פאַר דער גאַנצער וועלט,
דאַרף מען גיין אויף אירע וואָכעדיקע וועגן;
צו אירע מעטאַליסטישע־מאַטעריאַליסטישע גהינומס
וואו אַלץ שמעלצט זיך און אַלעמען!
צו ברענגען משיח׳ן פאַר דער גאָרער וועלט
איז די שווערסטע משא; נישט אַלע ווילן טראָגן די משא!
משיח׳ן איז גרינג צו קומען צום יחיד
איידער צו דער גאַנצער וועלט! —
סיידן די וועלט זאָל ווערן איין גרויסער — יחיד?!

## עסטעטיק

עסטעטיק קומט מיט טאָפּלטן פּאַראַדאָקס:
זי האָרעוועט ווי אַן אייזל, אַן אָקס
און עס שמעקט פון איר שיינקייט
דער שוויים פון האָראָפּאַשניקעס — געזעס!

## די דריטע וואָך אין מערץ, 1952

(צו ב. ג.)

**מאַנדל־ברויט** יידיש קאָסט מיר געבורטיק בלוט.
דאָס דאָזיקע בוך האָט אַרויסגערופן
אַ גרויסע מלחמה קעגן מיר;
און מלחמה קאָסט — בלוט...
בלוטיק איך דערפאַר און שמייכל פאַרליבט צו דעם
און צו אַלע ביכער וואָס קאָסטן — בלוט!

## בוך־אָבאָרט

מיט אַ בוך שוואַנגערט מען,
מע געבערט עס ווי מע געבערט אַ קינד.
עמיצער האָט געגוואַלדעוועט:
מאַך זיך אַן אָבאָרט!
און איך האָב געענטפערט:
דאָס טוט מען צו־ניט־געבאָרענע קינדער,
ווייל קינדער קאָן אַפילו אַ שיקסע אין פאַסטעלעס געבערן...
אָבער מיין בוך — נאָר איך אַליין!
און ווידער? איך בין אַ מאַנסביל!
אַ פּאָעט דערהרגעט ניט זיינע קינדער;
די גאַנצע וועלט ווייסט עס — — —

## אַ רעדאַקטאָר

דאָס איז אַ מיניאַטור־דיקטאַטאָר־דעמאַגאָג
וואָס פאַרזאָרגט, לשם מאַסן־פּסיכאָז,
דעם המון — זיינע השגות איז זיין געבאָט...
די אינטימע פּערזענלעכקייט פון אינדיווידואַליטעט
זעט ער ניט, טויג אים ניט — זי גייט אים ניט אָן...

## וועגן פרויען

די בעסטע פון זיי זיינען:
מיין באָבע, מיין מאַמע און מיין טאָכטער.
(קיין שוועסטער האָב איך ניט געהאַט,
ווייס איך ניט די פרייד — אַ שאָד. מיין פאַרלוסט).
היות, ווי יעדע פרוי איז איינע פון די דריי:
האָב איך וועגן אַלע פרויען מיין בעסטע מיינונג — — — —

## ליבע

האָב ליב די פרוי
נאָר זי זאָל ניט וויסן —
זי וועט וועלן ווערן אַ געטש
און דו-אַליין וועסט אים
גיך דאַרפן צעברעכן — — —

## פרויען

(צו...)

פרויען וואָס טוען וויי ביז פאַרצווייפלקייט
און דער ווייטיק פירט ניט צו זעלבסטמאָרד
נאָר דווקא צו באַשאַפן אַ ווערק,
אָט אַזוינע פרויען מעג מען מוחל זיין;
זייער רשעות ווערט אויסגעלייזט — אַפּראָפּאָ!

## די פירמע מאַניסעווויטש

עס פעלט איר אויס נאָך איין יידיש אַרטיקל:
אַ כשרן בליישטיפט (ליפּסטיק) פאַר ווייבער...

## דער פּאָעט — דער פאַרשיכורטער

ביים שרייבן איז דער פּאָעט אַ פאַרשיכורטער;
די אינספּירירטע מוזע און אַנדערע ענלעכקייטן;
ער דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן דאָס פאָלקסווערטל:
„וואָס ביי אַ ניכטערן אויפן לונג,
איז ביי אַ שיכורן — אויפן צונג“;
מוז ער דער עיקר— נאָכן שרייבן — זיך אויסניכטערן!

## דאָס יידישע בוך

מיט אַ יידיש בוך צאַצקעט מען זיך אין-לשער:
דער מחבר, דער דרוקער שטייען אין הוילע פלאַטערניש
און ציטערן מיט צערטלעכקייט ביז עס גייט אַרויס פון דרוק.
דערנאָכדעם האָט עס שוין די יידישע דאָליע —
ס׳ווערט אַ קיילעכדיקער יתום;
מ׳איז עס מבייש און מ׳וואַרפט זיך דערמיט.
הלוואַי וואָלט דאָס דרוקן געדויערט אַן אייביקייט...

## ליטעראַטור — ניט קיין ברילן — אויגן!

ליטראַטור איז די אויגן פון אַ פאָלק,
זאָל אַ מענטש זיך אָנטון טונקעלע ברילן
און מיר ווען אים ניט דערקענען.
לויט דער ליטעראַטור נאָך
דערקענען מיר די השגות פון אַ פאָלק.
צי קען אַ פאָלק אָנטון טונקעלע ברילן אויך?
יאָ. ביישפּיל — דייטשלאַנד;
זי האָט אָנגעטון רויטע — בלוטיקע ברילן!

## באַגלויבטקייטן

קיינער ווערט ניט געבוירן מיט פּאַרטיקע באַגריפן,
ניט וועגן קליינקייט און ניט וועגן שיינקייט.
באַגריפן, ווי מוסקלען — אַנטוויקלט מען.
אויסער אַ לייענער! ער ווערט געבאָרן אַ רייפער —
ווען עס קומט צו יידישער ליטעראַטור — פאַרשטייט זיך...

## ווײַנפּער דער ערשטער

יעדער קינסטלער האָט זיך זיינע איינגעוואָרצלטע חסרונות,
נאָר נישט מער, ער פלייסט זיך זיי גובר צו זיין.
לכל הפחות דעקט ער זיי צו מיט אַן אולטראַ-מאַרין קאָלדרע
איינגענורעט אויף בעטגעוואַנט פון פוכענע מעלות...
מיט ווײַנפּערן איז פּונקט דאָס פאַרקערטע:
ער בינט-איין זיינע געשטאַרקטע חסרונות
אויף צוויי הונדערט און אַכצן זייטן
און באַפּעסטיקט זיי מיט זאַמשענע טאָוולען צוויי,
מיט אַ גילדערנעם טויער — אַ אַרקע פול אויסגעקלאַפּט
מיט די גרעסטע רום־אותיות אין עכטן גאָלד—
ביז גאָר מיאוס ווי אַ מויל מיט גאָלדענע ציין;
אָט פּונקט אַקוראַט אַזוי עסטעטיש שיין...
כאָטש נעם און זינג: גאָט און זיין משפּט איז גערעכט!
און די וועלט שווייגט — אַ חוץ מיין נאָבעלע באַמערקונג!

ס'איז גרינגער צו גיין אויבן איבער וואַסער
איידער גיין אין דער טיף פון וואַסער —
אויך אַזוי איז מיט טראַכטן:
ס'איז גרינגער צו טראַכטן אויבנאויפיק
ווי מיטנאויפיק אָדער טיפאויפיק . . .

## לייענען — עס־טעטיק...

א בוך טאָר מען נישט שלינגען
אָדער פאַרקערט — צופּן פּעדימווייס.
ווי מעג מען שפּייזן אַ הונגעריקן — ברעקלעכווייס?
אַ דורשטיקן — אָנטרינקען טראָפּנווייס?
טראַכט און געדענקט:
לייענען איז גייסטיקע — עס־טעטיק...

## שרייבער און לייענער

דער שרייבער טראַכט דריי מאָל:
פאַרן שרייבן, בעתן שרייבן און נאָכן שרייבן;
דער לייענער — איין מאָל, נאָכן לייענען.
איז וואָס דאַרף דערפון לערנען דער לייענער?
נאָכאַמאָל טראַכטן און איבערטראַכטן.

## לייענען און לערנען

יידן האָבן אַזוי לאַנג געלערנט דאָס ספר,
ביז אַ ניגון האָט זיך דערפון באַשאַפן:
אָמר אַביי, האָט אַביי געזאָגט.
איז טאַקע לערנען — אַן אייביקייטס געזעץ;
לייענען? אַ מאָמענטאַלער ענין.
דער לייענער? לייענט בלויז — אַרויס;
דער לערנער? לערנט — אַריין.
לערנען — זעטיקט.
לייענען — הונגערט.
פלייצט טאַקע מיט ביכער, ביכער, ביכער.
אוי, ווער וועט זוכה זיין צו דערלעבן די צייט
ווען פון זיי אַלע וועט אַרויסקומען אַ קליין תורהלע...

## שרייבן

שרייבן, איז אויך אַ מין לייענען;
ס'איז די שריפט פון דער פּסיכיק אַרויס;
אַלע פאַזן און מאַניפעסטאַציעס זיינען
אָפּגעדרוקט אויף דער שפּיץ נאָז
אי ביים יחיד און אי ביים פאָלק.

## איבערן רעגן...

דיכטער: פאַרוואָס זייט איר ניט געקומען צו מיין לעקציע?
לייענער: ס'האָט שטאַרק גערעגנט.
דיכטער: האָט איר מסתמא געלייענט אַ בוך? כ'בין אייך מקנא;
נישטאָ קיין בעסער פאַרגעניגן אין אַ רעגנדיקן וועטער
ווי לייענען דאָס שיינענדיקסטע פון זונען — פּאָעזיע!
לייענער: יאָ, איך ווייס. אָבער ווען איך נעם אַ בוך
ווערט תיכף שיין אין דרויסן...

## אַ פּשוטער לייענער

כ'בין אַ פּשוטער לייענער, זאָגט איינער,
מיט גרויס עניוות דאַכט זיך,
נאָר עס קלינגט בפירוש ווי אַ — נייער טיטול!

## וועגן לייענער

לייענער האָב איך ליב אַלע,
אויסער די וואָס לייענען בלויז פּראָזע
און קיינמאָל ניט קיין פּאָעזיע;
אָבער אַזעלכע זיינען נאָך נישט געבאָרן געוואָרן...

## נאָך אַ סאָרט לייענער

ער גיט שנעל אַ בלעטער־אָפּ דאָס בוך
ווי ער וואָלט אַ קאָלאָטע געטון מיטן לעפל אין שיסל
און מאָמענטאַל פאַרדרייט ער מיט דער נאָז: פע!
געזאַלצן! ס׳פעלט פעפער, ס׳פעלט טעם!
מישט ער און זוכט זיין באַקאַנטן טעם...
אָט־דעם וואָס ער האָט ליב — דעם צוגעברענטן;
מחמת אָט־אַזוי־אָ האָט ער זיך אויסגעהאָדעוועט
אויף זיין מאַמעס געקעכץ.

## נאָך אַ סאָרט לייענער

מיטן בוך איז ער אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט,
אָן אים איז ער בלויז — מאַנירלעך־צירלעך!

## נאָך אַ סאָרט לייענער

ער לייענט ניט;
ער טראָגט בלויז אינטעליגענטע ברילן!

## נאָך אַ סאָרט לייענער

ער פאַרמאָגט אַלערליי טאָלעראַנצן;
נאָר פון בוך־טאָלעראַניץ האָט ער נישט געהערט!

## נאָך אַ סאָרט לייענער

אַ שיכור דערקענט מען נאָך זיין נאָז;
אַ רויכער — נאָך די פאַרגעלטע פינגער;
אַ לייענער — נאָך זיין וואָרטאַליזם;
זיין ריידן.

## נאָך אַ סאָרט לייענער

גאָט, גאָט, צוליב די יידישע ספרים וואָס לעכצן
איך זאָל פון זיי אַרויסלייענען די וואָרן;
שענק מיר אַריכת ימים—לאַנגע יאָרן.

אַ גוטער לייענער לייגט אַרויף זיין אויער
אויפן טאָוול פון בוך און הערט זיך איין דעריין.
פּרובירט עס אַמאָל... פּאַרן לייענען!
אַ סך פּרעמדקייטן וועלן אייך ווערן אינטים — — — —

## אַ לייענער פרעגט:

וויפל צייט דאַרף מען אויסוואַרטן
צווישן איין ליד און דעם צווייטן,
ווען מע לייענט אַ בוך לידער?
כאָטש ניט ווינציקער פּויזע
ווי עס נעמט איינעם אָפּדעכען
צווישן איין לעפל געקעכץ ביזן צווייטן...

## די הנאה פון לייענען

וואָס גיט מער הנאה,
פּאָעזיע צי פּראָזע?
ס'איז געווענדעט ווען מע לייענט;
אויב מע לייענט פּאָעזיע אינדערוואָכן
און פּראָזע אום שבת־יום־טוב,
האָט מען פון פּאָעזיע מער הנאה...
אויב פּאַרקערט — פעלט די תשובה!

## אוי־וואַ! די באַרימטע ערע...

דעם טויטן גייט ניט אין־טויט־אַריין
מיר זאָלן מאַכן פֿאַר אים אַן אַזכרה;
אָבער אונדז גייט עס דווקא אין־לעבן־אַריין
צו מאַכן אַן אַזכרה נאָך לאה האָפֿמאַן —
דאָס הייסט, אַרויסרייסן אַ צוועקל
וואָס מיר, אין לאָס אַנגעלעס,
האָבן קיינמאָל ניט אַריינגעקלאַפּט,
לכבוד איר, ביים לעבן!!
אוי־וואַ! די ערע שטייט מיטן קאָפּ אַראָפּ — — — —

## וואָס איז וויכטיקער?

דער שרייבער זאָל דעם לייענער צוטרעפֿן
צי דער לייענער מיטן שרייבער — זיך אָנטרעפֿן.

## פֿילן, דענקען — זאָגן

וואָס איינער פֿילט ווי צו זאָגן אַמאָל,
איז דווקא ניט שטענדיק כדאי און נייטיק
אַז ער זאָל עס זאָגן יענעם;
אָבער וואָס איינער דענקט
(אויב ער דענקט שוין יאָ)
איז עס אויף אים אַבסאָלוט חל;
ס'איז אַ מוז דאָס צו זאָגן;
אויב ער קען עס אויפֿשרייבן — ז'נאָך בעסער.

צו פֿאַרשטיין מוזיק דאַרף מען פֿילן מוזיקאַליש.
צו פֿילן ליטעראַטור, דאַרף מען פֿאַרשטיין ליטעראַריש.
צו פֿאַרשטיין אַ מענטש, דאַרף מען זיין מ ע נ ט ש י אַ נ י ש.

## מאַטעס מתתיהו בן יעקב אַשכנזי

איין שעה אין מעת־לעת וועגד איך זיך
מיט מיין פּנים צו אַ ווינקל פון דער וועלט
און שווייג אוים דעם האַס וואָס אין מיר, אַזוינאָך:
איר רשעותדיקע גוים מיט אייער בייזער דומהייט
וואָס קאָיעט אין אייך פונוועגן אונדז פאַרגרייט!
איר ציט אַזוי גרינג אַרוים דעם וואָוו
וואָס שטייט צווישן דעם דאַלעד און מעם —
(עלעהיי אַ היצל שטרעקט די בולעווע)
און סע ווערט צעיושעט אייער דומהייט — דם! דם!
אָט אַזוי פאַרדאַמט איר אונדז; זיך; די גאַנצע וועלט...
איך האַס אייך! האַס! האַס!
איין שעה אין מעתלעת איז אַ חוב פון מיר
אויסצושווייגן אין אַ ווינקל וועלט מיין האַס!

## אָנהייב — סוף...

אַ נפשל איז געבאָרן געוואָרן;
דער בראשית פונעם מענטשנס גאַנג אין לעבן;
און מיט אָט־דעם אָנהייב שוין
האָב איך געזען דעם — סוף...
יעדער אָנהויב קומט צוזאַמען מיט זיין סוף!

דעם גרויסן מענטשן דערקענט מען אַמאָל
דווקא נאָך זיינע קלייניקייטן;
דעם קליינעם מענטשן — לויט זיינע גרויסקייטן.

מיט דער מעדיצינישער וויסנשאַפט איז פּשוט:
געזונטע, וואָס ווערן אַליין געזונט — היילט זי אוים;
קראַנקע, וואָס קרענקען יערלעך — באַגראָבט זי. . . .

## משה רבינו און אַ פּאָרזיצער...

ווען משה רבינו באַווייזט זיך פּלוצלינג אין ניו־יאָרק
צי לאָס אַנגעלעס, וואָלטן דאָך ייִדן גלייך געלאָפן און...
אַראַנזשירט פאַר אים אַ קבלת־פּנים, נו, ווי דען?!
נאָר וואו וואָלטן זיי גענומען אַ פּאָרזיצער?!
אָבער אַ חשובן ייִדן, וואָס מ'דאַרף צוטיילן כבוד,
מעג מען צולאָזן אויפמאַכן און פאַרמאַכן — דעם אָרון־קודש!
אָט־דאָס טוט מען ביי ייִדן אָן לעקציעס —
די שענצטע פונקציע פון אַ פּאָרזיצער!

## דער ייִדישער סנה

ייִדיש־לשון? — מנע!
כאָטש עס ברענט — אַ סנה
אין מדבר און אויפן פּאָנאַר — — —
נאָר... געוואַלד! וואו איז דער משה
וואָס זאָל דערזען, הערן און ציטערן דערפאַר!

## מלחמה און ערד־אַרבעטער

מלחמה איז העסלעך און עקלדיק,
דעריבער דאַרף מען זי און אירע העלדן
בויען און מאָלן ראָמאַנטיש און העראָאיש...
ערד־אַרבעט איז די שענצטע און ניצלעכסטע
פאַרן גאַנצן מענטשלעכן לעבן און קיום.
איז דאָ פאַרקערט: אירע אַרבעטער — שקלאַפן!
מלחמה־העלדן קריגן מעדאַלן פאַרן אויפרייסן
מענטשישע בייכער צוזאַמען מיטן ערדישן.
ערד־אַרבעטער פאַרזייען, באַגראָזן, באַבלומען,
באַפרוכטן און באַברויטן דעם ערד־קיילעך —
זיי קריגן, אָנשטאָט מעדאַלן — מאַזאָליעס...

מיין פאָטער, יעקב ז״ל, פלעגט זאָגן:

ביז (80) איז אַריכת ימים,
נאָכדעם איז שוין — רוחות ימים...

## מענטש־אמת

דער מענטש איז ניט בלויז אַן עולם קטן,
נאָר זיינס אַ שטיק אמת;
קוים פאַרלירט ער אָבער נאָר דעם אַלף,
ווערט ער אויס — אמתדיקער מענטש;
ער און זיין אמת ווערן אַלפּ׳לאָז — מת...

## תכלית און חקירה

תכלית איז ניטאָ אין דער אייביקייט;
אַלץ וואָס זי דאַרף געשעעט ביי איר —
קל־וחומר: געשעען איז תכלית!
פאַרשטייט זיך אַ חוץ דאָס מענטשלעכע געשעען;
ס׳איז אומתכליתדיק — תכלית...

## קראַנקשאַפט פלוס — ליגן...

קראַנקשאַפט איז איין גרויסער ליגן;
ליגן, ליגן, ליגן —
אַן אייביקער ליגן
אויפן געלעגער פון ליגן.
דער באַקאַנטער ניגון:
מ׳וועט זיך מירצעשעם אויסדרייען פון ליגן ..
קראַנקשאַפט איז ליגן אַהער און ליגן אַהין —
ס׳איז הוילע ליגן. ליגן. — דער גרעסטער ליגן...

## זין פון לעבן

דער ווילן צו זיין.
געזונט און זיכערקייט —
דער העכסטער זין פון לעבן;
קראַנקשאַפט, אומזיכערקייט,
רויבט דעם זין פון לעבן;
דעמלט איז מען מסכים מיט דער חכמה
פון קהלת — הבל הבלים — הכל הבל...

## גאַנצקייט

צוליבן דערגאַנצן דעם מענטשן
אין זיין יחידישער פּערזענלעכקייט-גאַנצקייט,
האַקט מען אים אויף שטיקלעך און ברעקלעך.
צוליב דער מענטש-גאַנצקייט-וועגן,
מלחמהוועט מען מיטן מענטש אויפן מענטש...

## כיבוד־אב

צוערשט, איז דער טאַטע אַ גרויסער טאַטע
און טראָגט דאָס קינד צו אַלע זיינע באַדערפענישן;
דערנאָכדעם — פאַרקערט: דער טאַטע ווערט דאָס קינד
און דער זון — גרויס אויף צו טראָגן דעם קליינטשיקן
טאַטעלע צום אָרט וואו דער מענטש טוט די נייטיקע באַדערפענישן.
מיר איז, ניט פאַר אייך געדאַכט, צוגעטיילט געוואָרן
מקיים צו זיין דעם פינפטן געבאָט אויף אַזאַ מין אופן.
אָבער ווער וויל עס זיין אָט אַזאַ־אָ כיבוד-אבניק ?!
איך שריי צו דער אייביקייט: כיבוד-אב? יאָ! אַוודאי!
נאָר אויף אַ נחתדיקן אופן — אַ תורהדיקן אופן...

## נאָר פאַר אייגנס

זאָל מען מיך בעסער שמייסן פאַר אייגענע עבירות,
איידער פאַר פרעמדע מצוות — בענטשן...

ס'איז ניט וויכטיק צו וויסן וואָס איינער קלערט,
נאָר ס'איז נייטיק צו דערפילן פון וואָס זיין אויג טרערט...

ווען אַן אַפּיקורוס טוט איינמאָל אין זיין לעבן תפילה,
מאַכן זיך אויף פאַר אַלע צדיקים די טויערן פון הימל...

אַ מענטש אָן אַן אַלף־בית אויף זיין פּנים
איז ערגער פון צען שונאים —
ער לאָזט זיך אַזוי גרינג ניט דערקענען...

ס'איז ניט שייך פון וואָס מע דענקט,
נייערט, פון וואָס מע קרענקט...

די ערשטע עבירה, און די גרעסטע,
איז פאַרפלאַכן אַ מענטשנ'ס מוח...

## פּראָגרעס

מען קען שרייען צו אַ פערד:
צוריק, נאָזאַד און מחזיר!
קוים האַלט מען נישט די לייצעס
אויף אים ציען צוריק, פאַרשטייט ער ניט.
מיר קענען שרייען פּראָגרעס פון היינט ביז מאָרגן,
אויב מע גיט ניט דעם מענטשן קיין שטויס פאָרויס־צו,
בלייבט ער הינטערשטעליק, פאַרשטאַנען אין איינשטייאיקייט!

# תורהדיקע ווערטן

אפילו עסן איז אומגעזונט
ווען עס ווערט צו ביליק...

„גיב מיר ניט קיין עסן, מאַטעס,
איך קאָן פאַסטן און לעבן;
אַ לעבן וואָס ווערט ניט געשפּייזט דורכן מויל"...

דער טאַטע האָט געפאַסט, פיר טעג געפאַסט,
און אויפן פינפטן — באַפרייט
זיי נשמה פון קליינגופיקער לאַסט.
און מיטאַמאָל: וואונדער איבער וואונדער!

דער פאַרמאַרעטער גוף האָט אַרויסגעשיקט שטראַלן...
זיין תלמיד־חכמדיק פּנים האָט געשיינט אַסטראַליש;
אַ יחוסדיקע רו האָט אים איינגעהילט
ווי אַן אַלטן יידישן מלך — פּאַטריאַרכיש.
בלויז די קרוין האָט געפעלט אויף זיין קאָפּ — — —
וואָרהאַפטיק! וואָס פאַר אַ כוח די תורה האָט
ווען איר אָרדיעל האָט געוואוינט
אין גוף ביי אַ יידן קרוב צו ניינציק יאָר!
איר התימה האָט זי שטראַלנדיק געחתמעט: יציאַת נשמה;
די נשמה פון אַ זעלטענעם ייד
און פון אַ לעצטן נאָך זעלטענער דור...

# תמצית־ייד

ער לעבט מיט זיינע „געווינסן."
שלאָפט מיט זיינע געדאַנקען.
שטאַרבט מיט זיינע חלומות...

## אַ יידישער פסוק

אַ פאָלק קאָן קיינער קיינמאָל ניט מחריב זיין;
ווייל אַ פאָלק איז דאָס געוויסן פון דער אייביקייט;
און יענע וואָס שטעלן זיך קעגן אָט־דער אייביקייט
פון אַ פאָלקס־לעבן און קיום, מוזן אַליין,
סוף־כל־סוף, אין אָפּגרונט פון פאַרניכטונג פאַלן;
אַ בפירושער פסוק: בור כרה ויחפרהו!
היינט וויפל מפלות דאַרף דאָס יידישע פאָלק זען
אין זיינע שונאים, כדי האָבן אמונה
אין אָט־דעם אַלפאָטערלעכן פסוק וואָס וואָרנט ?...

## לעולם ועד

שטאַרבט אַן אמתער ייד
פון די קליינע פינטעלעך, די יידישע,
איז נאָך אַן עלנטער משניות צי אַ תהילימל
פאַריתומט געוואָרן אויף דער פאָליצע;
איז דאָס דער גאַנג צום אין־סוף ?...

## התגלות

ווער ווייסט וואָס פון דעם גימל ווערט,
דאָרט אויבן, אין דער ספערע
פון לויטער יידישער ערע,
וואו געלט און גאָלד
(דאָס גאָל פון דער וועלט)
פאַרשווינדט און ווערט אויס ?
דאָס ווייסט נאָר דער אַלמעכטיקער **גימל** —
דאָס גרויסע האַרץ פון **התגלות**...

## השגחה

וועז מיר וואָלטן ניט פאַרגעסן
אַז אַלץ וואָס געשעט ז'ניט מער ווי אַ פאַרזעצונג;
מיר זיינען אויפן דרך צו דערקענען זיך און זאַכן;
דער גאַנג צו גאַנצקייט, צו פּערפעקציע;
ווען מיר געדענקען שטענדיק אַז מיר זיינען
בלויז אויפן קלעטערשטאַפּל פון אַנטוויקלונג;
אָסור אויב מיר וואָלטן געפּלעפט געוואָרן
פון די פילע פאַרגאַפּטע „חידושים"
וואָס עס טרעפן אונדז יידן בפרט, אויפן לעבנסוועג...

## אַ יידישע מילגרוים

תורה? — חכמה, וויסן, דיכטונג און נבואה;
אַלץ אין איין וואָרט: תורה!!!
וואָס פאַר אַ קרעאַטיוון אַלף-בית מיר פאַרמאָגן.
אָ דו, מילגרוים! דו יידישע סימבאָליק — — —

## דער עם־הספר

יידן זיינען נישט קיין מיסטעריעז פאָלק;
אַלץ וואָס זיי פילן און דענקען —
הן וועגן געטער און הן וועגן די פעלקער—
פירן זיי אַריין אין זייערע ביכער...
אפשר דערפאַר זיינען מיר אַן עם-קשה-עורף?
מיר זיינען פאַרעקשנט מיטן בוך————

## אַתה הבדלת אנוש מראש

קיין שום מענטש לעבט ניט צוליבן לעבן אַליין,
בלויז אַ חיה לעבט צוליבן לעבן אַליין...

## ניט מער ווי אותיות...

זיי ווײנען אויף זייער דואַליזם,
הלמאַי זיי לעבן אין דער ספערע פון זוגות.
דער זיין וויינט אויף זיי דאָליע:
איך בין זיך מצרף מיט זיווף השכינה...
און בין אויך דער ערשטער אות
וואָס אָן אים קען מען ניט אויסלייגן — זונה!
דער שין הייבט זיך אָן מיט שכינה און אויך — שחיטה!
מיט דער קוף — קדושה און קוילער!
מיט דער טית — טהרה און טומאה!
אוי, ווער וועט באַפרייען אונדז אותיות פונעם דואַליזם?
צערייסן די פענטעם פון אונדזער גורלדיק געפּאָרט זיין!
איי! דיכטער! פאַרנעם דאָס געוויין פון די אותיות!
פאַר זיי יידישלעך! זיי זיי מזווג יידישלעך!
משיח, באַפריי אונדז! לייז אונדז אויס פון צו זיין
קנעכט ביים לעצטן נסתרות פון מיסטישן אימפּעריאַליזם!

## עולם הבא

יעדער מענטש לעבט נאָכן טויט אַ גייסטיק לעבן
אינעם זכות פון זיינס אַ באַשאַף, אַ טאַט, אַן אידייע.
ס'איז נאָר געווענט ווי גרויס אָט־די זאַכן, ווי ווערטיק
זיי האָבן געווירקט — אַזוי לאַנג וועט ער גייסטיק לעבן.

## קרבן־וועלט

גיט אַ שטאַרקן טרייסל אַ גוי
און אַ שטיקל ייד וועט פון אים אַרויסשפּרינגען...
אָט אַזוי פריי האָבן מיר זיך מקריב געווען
פאַר דער גויאישער, ווי רופט איר עס, וועלט!!

## דער קינסטלער — דער אַלווייסער

געווען אַ קינסטלער, וואָס האָט געוואוסט
די העכסטע סודות פון אַלע קונסטן;
נאָר די קונסט פונעם ערשטן יסוד —
קערפּערלעכע רייניקונג — איז אים פרעמד געווען.
ער האָט געליטן פון דער פּאָפּולערער
איגנאָראַמוס-קרענק — נצר!
זיין קאָפּ איז אָפן געווען פאַר אַלץ.
די כרכשתא, רעקטום — פאַרשטאָפּט!
דער קינסטלער — דער אַלווייסער
איז געשטאָרבן פון קאַנסער אין יענעם אָרט — אַ ראַק!
יאָ, ער האָט אַפילו נאָר גערעדט רוסיש —
„טאָוואַריש טאַק; אי — קאַק!"
נאָר דער טייטש פון לעצטן וואָרט
אויף יידיש, פּראָסט יידיש, געווען איז אים פרעמד...
מיין טאַטע פלעגט זאָגן:
אַן אמתער עטישער מענטש
דאַרף האָבן צו זאָגן
איבער זיין מאָגן.
ראשית חכמה — נקבים גדולים!
נאָכדעם וועלן מיר זעען;
יעדן טאָג אַזוי...
אַ באַלעבאָס זאָל דער מענטש זיין
איבער דעם מאָגן און ניט ער — איבער אים...

## אַ ציבעלע און אַ — ציבעלע

אַפילו צווישן ציבעלעס איז פאַראַן
די נאָבעלע אַריסטאָקראַטקע...

## שטענדיקער געראַנגל מיט שטויב

דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן אונדזערס
איז איין מוראדיקער געראַנגל מיט שטויב;
מע יאָגט אים אַרויס דורך דער טיר
און ער פליט תיכּף ומיד אַריין דורכן פענצטער.
עס מעג טיר און פענצטער זיין פאַרמאַכט —
אַ שפּאַרונע איז גענוג פאַר אים
און מיר ווערן גאָר ניט מיד זיך צו ראַנגלען
מיט שטויב, שטויב, אייביקער שטויב!

## מ ע נ ט ש — פ י ש . . .

ביזט ניט פיל קליגער פון אַ פיש:
יאָגסט זיך, שווימסט, פּישפּאַש־קיש,
נאָך אַ ווערימל אַ נישטיקן
פאַר דיין טאָג־טעגלעך פרישטיקן;
די אומגעזעענע שיקזאַל־האַנט
גיט אַ וואָרף די ווענטקע פון איר הויכער וואַנט;
לאָזט אַראָפּ פאַר דיר אַן אָנגעטשעפּעטן נישט־טויג נישט־פלויג;
כאַפּסט עס פלינק אויף — אַ בלענד בלוט־רויט;
אויף אַ ווײַלע ווערט גרויס דיין אויג,
נאָר פאַרמאַכסט עס גיך בעת דאָס מויל עסט — ס׳ווערימל.
יעדע ווערימדיקייט פירט דיך ווי דעם פיש — צום טויט!

## פ אַ ר ד אַ מ ט און פ אַ ר ד מ ט . . .

די גוטע דייטשן פאַרדאַמען די נאַציס;
זיי פאַר׳דמ׳ען זיי אָבער ניט אויף אַזאַ אופן
ווי די יידן זיינען געוואָרן פון זיי  פ אַ ר ד מ ט — — —

## מענטש — אָנגעקלײדטע נאַקעטקײט

דער נאַטור איז װײזט אױס ניט אײנגעפאַלן
אַז דעם מענטשן װעט זיך אַמאָל פאַרגלוסטן
צו באַקלײדן זײן נאַרישע, עגאָטיסטישע נאַקעטקײט;
באשר בכן, זי האָט אים געגעבן אַן אָנדײט:
באַװיזן, דאָ און דאָרט, צו־צודעקן
מיט אַביסעלע האָר זײן חנעװדיקע, נאַקעטע אײדלקײט.
אָבער װאָס מער ער פֿרינדערט אָן אױף זײן נאַקעטקײט,
אַלץ מער הױלער און נאַקעטער בלײבט ער — — —

## אין װעלט׳ס פּרצוף אַרײן!

װען די װעלט זאָל כאָטש האָבן
אַ שטיקל פון אַ פּרצוף,
װאָלט זיך געלױנט אַ שפּײ־טאָן אין אים;
נאָר גײ שפּײ איר אין פּנים אַרײן,
אַז זי איז אינגאַנצן — פּנימלאָז!!
רב מענדעלע קאָצקער! די װעלט?
די װעלט „דרײט" נאָך אַלץ אין נאָז...

**צו דער שענסטער בלום** װעט מען אױך גלײך
צולײגן די נאָז צו באַפרידיקן דעם חוש־הריח.
שײנקײט אַלײן װײזט אױס איז ניט גענוג.

**די** װעלט איז זײער קלײן,
ס׳לעבן — שרעקלעך קורץ;
דעריבער טוט דער מענטש נעבעך,
אי די מצוות אי די עברות
אױף אײן און דעם זעלבן אָרט
און ממש אין דער זעלבער צײט — — —

## ייִדישער אויסלייג...

אפילו ער — דער תלוי — לייגט זיך אויס מיט אַ ייִד...
עס באַווייזט ווי שווער ס'איז אַוועקצוגיין פון שורש.
און אפשר פאַרקערט: עס שטרייכט אונטער ייִדישער רחמים?
מיר זיינען דיר מוחל. אַ ראיה? צום סאַמע סוף
פון תלוי, אים צוגעטשעפּעט אַ — י — — — —

## ייִדיש־צוועק

טראַכטן איז דער ערשטער טראָט צו כוונה;
כוונה — דער צווייטער שריט צו זעלבסטבאַגלויבטקייט
אַז פון טראַכטן טאָר מען זיך נישט באַפרייען;
אַזוי נאָך ווערט דאָס ייִדישע באַוואוסטזיין רייפער
און מען איז גרייט צו טראָגן דעם עול ייִדיש-שעפערישקייט
ווי דער העכסטער תכלית, דער איינציקער אויסוועג
פאַר אַ געזונטן ייִד אינעם לעבן צווישן די בייזע פעלקער.
רבי עקיבא איז ניט קנאישקייט אַליין, נאָר — ייִדישער צוועק.

## עלילת־דם

(צו איליאַ ערנבורג)

זינט דער שפּאַנישער אינקוויזיציע אָן
האָבן מיר משתין געווען אינעם בלוט
פון די כיטרע, אַלמעכטיקע גויאישע פעלקער, די שלעכטע;
אָט־די וואָס האָבן, דורך פייערן, אונדז באַקערן געוואָלט
צום תלוי — דעם געקרייציקטן ייִד — דעם טאַנע-באַרע!
דערפון דער בילבול, דער טעם — עלילת-דם!
אַלע בילבולים האָבן אין זיך איין גויאישן — יאַ-טאָבי-דאַם!

## די קונסט — שטאַרבן...

די גויאישע רשעותדיקע וועלט האָט אונדז אויסגעלערנט
די „קונסט״ ווי צו שטאַרבן מאָמענטאַל בלויז...
אָבער אינעם לעבן פונעם לעבן גופא,
ווערן מיר, ביד החיים, ווידער אויפסניי געבאָרן —
אַ דאַנק דעם אומענדלעכן כוח פון שעפערישקייט
וואָס וויל דווקא, אויף להכעיס, לעבן, גראָד אין אונדז...

## די קונסט — האַסן...

סע דאַרף ווערן אַ יידישער געבאָט
צו האַסן די רשעותדיקע גוים;
אַוודאי ניט מיט זייער וואולגאַרן האַס צו אונדז,
נאָר מיט דער שנאה פון אונדזער פיינלעכער שעפערישקייט;
אָט־די שנאה, וואָס אַפילו דער בורא עולם
האָט געהאַט צום תהו־ובוהו פאַרן **בראשית**...

## נאַטור, מענטש — טויטע קונסט

נאַטור איז לעבעדיקער וואונדער;
וואונדער — לעבעדיקע דראַמע;
מענטש — טעאַטער;
אָן אים, דעם צושויער,
איז דאָס אוניווערסאַלסטע וואונדער — טויטע קונסט.

## וואָס איז... וואָס

וואָס איז ליטעראַרישער,
וויינען? צי — לאַכן?...

## צלם אַראָפּ — מגן-דוד אַרויף

(צו . . . )

געווען אַ צייט אין אַמעריקע,
כדי צו קענען קריגן אַרבעט,
פלעגן יידישע טעכטער זיך באַציילעמען —
גילדערנע צלמימלעך אויף די העלדזער.
איצט איז זייער שווער צו קריגן, מיט קינדערלעך, אַ דירה —
כאָטש גיי וואוין מיט זיי אין דרויסן!
נו, יידן ווי יידן; גוים זיינען געוואָרן
אויף אַ יידישער שוואַכקייט; לענדלאָרדס יידישע,
האָבן אַ שאַרפזיניק אייגל פאַר מגן-דוד . . .
האָט זיך געביטן די ראָליע ביי די פעלקער:
צלם אַראָפּ — מגן-דוד אַרויף. . .
נו, איז דאָס אַ וועלט? צי אַ פּאַראַדאָקס?!
זי איזביידע זאַכן — נישט!

## ניט אַזוי — נאָר אַזוי

מאַכט ניט אייער לעבן אָפּהייניגיק
אָן די הויפּט-קעפּ פון די צייטונגען
וואָס פליען אָן ווי סטייעס פייגל,
אי מיט זייער שרעקגעפילדער און אי
מיט זייער וואַסערפּאַליקן ענטוזיאַזם
פאַר יעדער „נאָנסענץ"! פאַר יעדער בהמה וואָס פליט...
בעסער באַהעפט זיך אָן דער ריטמיש-גערייטמעטער
עסטעטיק און עטיק וואָס ווימלט מיט פּעטיטנע אותיות
און דיכטערישע פּאַליאַנטן וואָס פול-פיל זיינען
אי מיט געדאַנקען-חידוש און אי מיט ליבשאַפט-קידוש — — — —

## משה, טאָלסטאָי — פאַרגעסענע ווערק

משה האָט דעם אַלטן דור אין מדבר געלאָזט
ווי אַן אויסשטאַרב פאַר דער יוגנט
וואָס האָט געדאַרפט אַריין קיין כנען.
אין אונדזערע טעג איז דער אַכצניאָריקער,
דער שעיר-לעזאזל וואָס מע וואַרפט אַראָפּ
פון זיין לעבנסבאַרג — נישט־מיר נישט־דיר!
איז טאַקע געווען אַמאָל אַ טאָלסטאָי
וואָס האָט דער וועלט געגעבן „וואָינאַ אי מיר”? !

## דער מאָדערנער צאַפּן . . .

עפּעס אַ מאָדנער צאַפּן, דער גאָט אונדזערער,
וואָרים וואו נאָר אַ צרה אַ פּיל-לעכערדיקע,
איז מען גלייך גרייט מיט איבּ פון אַלע אימען,
צו פאַרשטאָפּן דאָס נישטיקע ווי דאָס גרויסע אומגליק!
אָט דאָס אַליין איז שוין גענוג צו זיין אַ בכיה לדורות!

## אַן אינדזל

איך האָב געחלומט נאָר פון דיר,
ווייל געבענקט האָב איך בלויז נאָך דיר.
בין איך געגאַנגען און געגאַנגען
ווי אַ וואָגלער געוואָגלט און געגאַנגען —
אַלץ געזוכט דיך — אין גאַנצן לעבן — דיך.
אמלעצט, ווען איך האָב דיך געפונען,
דיך אַליין, האָב איך אַליין, געפונען; וואָרט, וואָרט;
בין איך צוגעפאַלן צו דיר — געגאַרטער פאָרט;
ניט אויס מידקייט פון לאַנגזוכעניש, צוגעפאַלן,
נאָר ווייל כ׳האָב געפונען דאָס אינדזל — דיך — וואָרט.

## אַ וויל-ניט און אַ וויל-יאָ

קיינער וויל ניט שטאַרבן;
נו, שטאַרבט מען ניט-ווילנדיק...
אַלע ווילן אַ גערעכטע וועלט,
אַ יושרדיקע געזעלשאַפט,
נו, בלייבן אַלע ביים ווילן...
זאַכן וואָס מע וויל באמת דערגרייכן, דערגרייכט מען!
על-כל-פנים איינס פון די צוויי ווילענישן
וואָלט מען דאָך יאָ געקענט דערגרייכן...
אַז מע האָט שוין איין זאַך דערגרייכט
קען מען שוין וועגן דער צווייטער
מיט מער מוט זוכן מיטלען און — טראַכטן.

## שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס

געזעלשאַפטלעכע טוערס דאַרפן האָבן אינסטיטוציעס
אַוואו זיי זאָלן זיך קאָנען אויסלעבן אין — רעדעס.
שרייבערס דאַרפן האָבן אַ זשורנאַל — אַ שריפט
וואָס זאָל זיי געבן אַ מעגלעכקייט צו שרייבן.
איז אינסטיטוציעס בויעט מען, דאַנקען גאָט,
נאָר זשורנאַלן, שריפטן? מיט דעם וואַרטמען!

## די מענטשהייט

דער וואָלף, דער לייב, דער טיגער און לעמפּערט,
די ווילדסטע בעסטיעס וואָס פאַרצוקן!
די מענטשהייט, אָט די אומשולדיקע מענטשהייט —
אַ גוטהאַרציק קינד מיט אַ ביקס אין דער האַנט;
מיט אַן אַטאָמישן בליק אין איר אויג —
וואָס פאַר אַ מיסטעריעזע רעטעניש אין דער נאַטור — — — —

## יידיש

יידיש! יידיש!
פאָלקס-וואונדן — אָן באַנדאַזשן...
וואָס הייליקער דו ווערסט
פאַר גאָט און לייט,
אַלץ טרייפער ווערט מען קעגן דיר —
צווײמאָל — פרעמד!
און דרײמאָל — ווייט!

די גרעסטע זינד פון אַ שרייבער איז,
שרייבן פאַר טאָג-טעגלעכער טריקעניש
פונעם לייענער'ס צעלעכצט האַרץ...

## יהואָש

מיינע ביטערע רעיונות אין תשי"ב
האָבן מיר געגעבן אַ צעטרייסל, אַ שיב;
אינעם גליטש האָב איך דערפילט ווי איך פאַל
אין תהום פון צוואַנציקסטן יאָר-הונדערט געפאַר.
כ'האָב נאָר באַוויזן אַרויפלייגן מיין האַנט
אויף דיין תנ"ך, דו געלייטערטער יהואָש,
און דערשפירט אַ געקניפּטן אָנהאַלט, אַ לייטערדיקן;
ווי אויף די וואָרצלען פון אַ שטאַמיקן צעדער
בין איך אַרויף יינגליש, אין געקלעטער — צוריק!
וויפיל נפשות זיינען ניצול געוואָרן דורך דיין ווערק?
מדי דברי בכבודך; הומה לבי אל־דודיך — — —
צווישן דעם תכליתדיקן גערייד פון די אָבות
און תנאים הערט זיך דיין דינער, יידישער עכאָ...

## מ אַ מ ע - י י ד י ש

מאַמע-יידיש — געדאַנק און טרער;
אונדזער שמחת-תורהדיק געוועער
פון יידישן קיום און געבאָט:
לעב! זיי! ווער!

## א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ז ם

היינט-צו-טאָג ווען דער ווינט פאַרטראָגט
אַ געדרוקט יידיש בלעטל אַרויף צו די ספערן
און פון דאָרט צוריק צו דער ערד,
איז אין וואָס פאַר אַ לאַנד סע זאָל אַריינפאַלן
דאַרף מען ניט זוכן קיין מנין —
עס ווערט געלייענט פון הונדערטער נאָך;
טאָ וואָס פאַר אַ לשון קאָן זיך עס אַזוי באַרימען?
טאַקע ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל — יידיש!

## י י ד י ש ע   ק ר י ט י ק

זי דאַרף קומען מיט דער צעעפנטקייט פון בייזן
אָט-די בית'ן וואָס אין בראשית ברא
און ניט מיט די געשפּיצטע אַלף'ן ווי חלפן
פאַר וועלכע קינדער ציטערן און ביטערן —
ווילן נישט גיין אין חדר!
קריטיק דאַרף אויך טראָגן אין זיך
גייסטיקן נע-ונד זיין אַזוי ווי די שפּערישקייט:
ורוח אלהים מרחפת על פני המים.
קריטיק דאַרף אַרויסטיילן יבשה פון וואַסער.

## העברעאיסטן און יידיש-ליבע

פאַראַנען העברעאיסטן וואָס שווערן זיך
מיט ליבע־יידיש; זיי שלאָפן בפירוש
ממש ווי מיט אַן אייגענער ווייב.
איך בין גאָר שטאַרק מסופק
אויב עמיצער איז טאַקע מסוגל
אָט־דעם יידישן רייטוואָגן, מיט איין האַנט האַמעווען,
און מיט דער צווייטער — שמירן די רעדער...
און מיט דער דריטער... נו, מער האָבן זיי ניט!
דאַנקען גאָט וואָס ליבע-יידיש,
איז ביי זיי אַזוי שטאַרק נאָך ניט אויסגעוואַקסן — — —

## יידישע קולטור — יידיש בלוט

וואָס פאַר אַ ייד, וואָס איז געשוואומען
אין איינעם פון אָט־די צוויי טייכן,
וועט וואַגן, נישט־מיר נישט־דיר, אַריינשטעקן
אַ שמוציקן פינגער אין זייער האַרצן אַריין?

## יידישע יצירה

שעפערישקייט האָט נישט קיין אָנהייב,
שעפערישקייט האָט נישט קיין מיט,
שעפערישקייט האָט נישט קיין סוף;
ס'איז געוואַלד געשריגן! מערסטנס געווײנט;
אַמאָל — געלאַכט אָדער פאַרצווייפלט געשעפּטשעט;
צי גאָר פאַרהושט תמעוואַטע אין מבול־שיין פון לויטערקייט.
אַזוי זעט אויס יידישע שעפערישקייט.

## ייִדיש און אַנדערע שפּראַכן

ייִדיש איז מאַמע־לשון,
כ׳איז אײַנגעוואוינט מיט דער מאַמעס מילך;
אַלע אַנדערע שפּראַכן וואָס מיר רעדן
זײַנען בלויז מילכיק;
ווײַער ברוסט — אַ כּאַבּקע:
אַ פּשוט מילך־פלעשל...

אַ גוטער ייִדישיאַנער
מוז זײַן כּמעט אַ האַלבער גאַליציאַנער.
ייִדישיאַנדלער?
ייִדיש־טראַכטן; ייִדיש־מיינען —
ייִדישע פּענדלער!

... א י ז ם ...

סענטימענטאַליזם — ייִדישיזם;
סעקטאַנטיזם — העברייאיזם;
שמעלציזם — קאָמוניזם.
וואָס ייִדיש — עמבּ׳דיק,
רייִוועניסטיש, הירשביינסטיש פאָלקיסטיש.

טאַלאַנט אין די העכסטע קונסט,
פאַרנעמען נאָר אַלע קריטיק,
פאַר טאַלאַנטלאָזיקייט — עקזיסטירט זי ניט...

## נאַציאָנאַלער גורל

בעטהאָווען, אַ געניאַלער מענטש,
האָט נאָך אין זיין צייט
צוגעגרייט דעם V צייכן —
טראַ! טאַ! טאַ! טאַ!
פאַר דער נאַצישער מפלה.
איי! ווער קען טאַקע פאַרשטיין
די געהיימע וועגן פון דער השגחה עליונה?

(צו . . .)

## טעאַטער

פּראָפּאַגאַנדע, אַגיטאַציע און שונד
שטעלן אויס אויפן אומקולטיווירטן געשמאַק
פון דער מאַסע — די סטאַדע וואָס קאָן זיך
גרינג טראַנספּאָזירן סיי אין געפילן, סיי אין לשון.
טעאַטער, ווי אַלע קונסטן, רעכנט זיך מיטן יחיד;
מיטן שטילן יידישן וואָרט און טראָפּ  י י ד י ש
וואָס דערהייבט דעם מענטש צום חסד און חכמה  ק ו נ ס ט:
**לא ברעש ה', לא באש . . . בקול דממה דקה — — —**

## אין צייט פון יאוש

אוי, יידיש; אוי, יידיש שאַפן!
יידיש וואָרט, דאָס אַלץ וואָס איך פאַרמאָג
אין דער פאַסקודנער מענטשנוועלט;
אָן דיר וואָלט איך שוין געווען
אַ באַרג מיט אַש — אַ פאַרגעסענער קבר. . . .
דו האַלסט מיך אָפּ פון זעלבסטמאָרד.
איך גלויב אינגאַנצן אין דיר —
אַט־דער גלויבן גיט מיר נשמת־חיים — — —

## פריִער אַ ברכה, דערנאָכדעם — פאַרזוכן...

אין דער פרומער וועלט פירט זיך,
אַז איבער פירות — גוטע צי שלעכטע —
מוז מען פריִער מאַכן די ברכה און דערנאָכדעם — פאַרזוכן.
חס-ושלום פריִער טועם זיין מיטן אויסרייד:
אפשר איז די פרי ניט גוט; אין מויל אַריין ניט צו נעמען!
מיט אַ בוך, איז גאַנץ אַנדערש.
מ׳טאָרנישט זאָגן פריִער — כי טוב;
איר דאַרפט עס צוערשט לייענען, גוט לייענען;
ערשט דערנאָכדעם זאָגן אייער מיינונג — גוט, שלעכט.
איך האַלט זייער שטאַרק פון אָט-דעם-דאָזיקן איינשטעל.

## אַ זעצער — אַ טאַלאַנטלער

ער זעצט אויף אַ שורה און שפּיגלט זיך
אינעם געדאַנק וואָס רייט אויף איר רוקן.
אָט-דאָס איז זיין שכר פאַר די שלעכטע שורות
וואָס ער מוז נעבעך אויפזעצן גלייכגילטיק
און אויטאָמאַטיש — עס קערט אים די גאַל!
און גיסן גאַל אויף יידישע אותיות
איז ביי אים די גרעסטע אָפּקומעניש — אַ זינד!
נאָר ער מאַכט דאָך אָבער פאָרט אַ לעבן פון גראַפאָמאַנען...

## ייִדישיסטיש

ייִדישיסטיש איז ניט שאָוויניסטיש;
ס׳איז מענדעליסטיש סאַטיריסטיש;
שלום-עליכםדיק שטיפיש;
פּרציסטיש — טיפיש.

## אונדזער יידיש וואָרטשאַפט

מענדעלע האָט עס קינסטלעריש געשליפן און אַנטדעקט פאַרן פאָלק.
שלום-עליכם האָט עס פראָסט-פשוט גענישטערט באַם פאָלק.
פרץ האָט עס שבת-יום-טובדיק אויסגעחלומט אינם פאָלק.
ראָזנפעלד האָט עס באַזעלט מיט שאַפ-מוזע אַליין אין קאַרוואָדיק
געוויין.
יהואָש האָט עס געוויקלט און געווינדלט אין ביבלדיקן פורעם.
ביאַליק האָט עס אָנגעשאַרפט אויף אַלע ציינער מיט נביאישן שטורעם.
בערגלסאָן האָט עס מיט אַ געזונטער קלוגשאַפט באַלייבט די ביינער.
שאַפּיראָ האָט עס ווי אַ געביטער באַפוילן צו געבערן נקמה אַליינער.
זשיטלאָווסקי האָט עס מיט לאָגיק באַשטאַט קעגן די שפּעטער און
פאַרניינער.
אַש, האָט עס מיט דורותדיקער ראָמאַנטיק אַרויסגעשיקט צום אַל-
וועלטלעכן לייענער.

## יידיש-רעטעניש

יידיש, יידיש,
ווי שיין ביסטו!
שונאים יידישע,
ווי מיאוס זייט איר!

יידיש, יידיש,
ווי האַרציק ביסטו!
יידיש, יידיש,
מיר פאַר דיר!

יידיש, יידיש,
ווי קלוג ביסטו!
יידיש-פיינטלער,
ווי נאַריש זייט איר!

יידיש, יידיש,
ווי גרויס ביסטו!
וועלט, אָ וועלט,
ווי קליין ביסטו!

יידיש — קאַפּידיש;
טרערנברויט - יידיש!
וואָס איז גרינגער,
וויינען צי לאַכן?

# צ ײ ט , ט ר ע ר ן — ײ י ד י ש

(קדש, קדוש, קדוש, **יצחק קאַצענעלסאָן**)

עס נעמט לאַנג ביז אַ בוך װערט הײליק.
ס׳מוז אין דעם שטיקער פאָלקסלעבן זיך נאָכהײנגען.
דורות האָבן זיך געמוזט מקריב זײן דערפֿאַר;
עס מוז זײן געשװאָלן מיט קרבן פון קידוש־השם —
צײט, טרערן, בלוטיקע שװאַנגערשאַפט — מאַמע ײדיש;
אָטעם פון אַלע קינדער־מאַרטירער פון ײדישן גזר!
אוי, ײדיש פון עברי־טײטש־האַרץ; דו פאָעטישער חידוש!
דו געלעבטער פאָלקס־ספר פון צאן־קדושים געשאַפענע ברעם;
האָסט ניט אײנמאָל מיט דײן לעבעדיקן אומקום
ציטערן געמאַכט פֿונעם טויט אַלײן דעם סאַמע — האַר!
פון הױלע הײליקײטן איז איצט דײן טראָן — ײדיש־שכר.
מיר װעלן שוין שטענדיק שטײן סידורדיק און תהילימדיק
געבויגן איבער דײן ײדיש געבײן אין דיר;
פאַרן ניגון פון ײדישן געװײן און געלעכטער אין דיר;
אָ הײליקע אָבות אבותינו — ישראל בעל־שם־טוב!
בראַצלאַװער! באַרדיטשעװער! שרה בת־טובים! מגידים פון ײדיש!
רביים פלאַמיקע! חסידים פון זינגעװדיקן, תפילהדיקן ײדיש אײערן!
דערהערט דעם שמע ישראל׳דיקן מאַמע־ײדיש פון די אַלערלײ פײערן!
אויב ס׳איז פאַר אײך נאָך דאָ אַ גן־עדן ערגיץ,
מאַכט אויף פאַר דעם אַלװעטלעכן אײביקן ײדיש־לשון,
צום שטענדיקן פאָלקסלעבן די טיר!

אָ ײדיש! ביזט דאָך שוין פון לאַנג מיט פאָלקסלעבן אָנגעפילט;
דאָס זאַלץ פון ישראל׳ס טרערן אין דײן יעדן אבר איז און ריר;
קענסט װערן אויס נאָר צוזאַמען מיט די ליפּן פונעם פאָלקסמענטש
און לעצטן דיכטער בלויז, ניט אַנדערש, ניט פריער — פאַרשפּילט!

# אין הונדערט יאָר אַרום — איין מאַמע־יידיש

דו, געזונטער יידיש-לייענער
פון הונדערט יאָר שפּעטער!
קוק אויף די וואָרצלדיקע שורות
און טראַכט מיט אַ הונדערט־יאָריקער פאַרטראַכטונג:

כ׳האָב אין מיין טראַכטן וועגן דיר
זיך פאַראומרואיקט אין שלאָפלאָזע נעכט;
אַראָפּ פון מיין געלעגער אַ באָרוועסער
פאַר יעדן ניי־אָנגעפלויגענעם יידישן ביטערגעדאַנק;
קוק נאָך אַמאָל אויף די וואָרצלדיקע שורות
אַוואו דו באַגעגנסט מיין געדאַנקענבליק.

נאָר אויב דיין גלייכגילט ציט דיך אַוועק פון מיר,
דאַן מעגסטו טאָן אַ מיאוסע זאַך מיט מיין בוך;
וואָרים איך האָב ניט פאַרדינט זאָלסט „צאָלן אַכט"
צו מיין טראַכטן און קלערן פון וועגן דיר.

דו, געזונטער יידיש-לייענער פון הונדערט יאָר אַרום,
לאָמיר איצטביידע צוזאַמען פאַרלאַכן דעם יאוש
וואָס געטון האָט לויערן אויף אונדזער מאַנדל-ברויט יידיש!
ווער, זאָגסטו, האָט מנצח געווען? נצח יידיש?!

איך האָב עס געוואוסט אַליין אויך נאָך איידער
ס׳איז פאַרהונדערטיאָריקט געוואָרן אָט־דער געדאַנק!

און איצט? ווייסן מיר עס שוין ביידע צוזאַמען —
ס׳איז דאָ ביי אונדז בלויז איין מאַמע יידיש — — —

# לערנען און לעבן — איין גאַנצקייט

מע קאָן קיינמאָל זיך ניט געזעגנען אָנלערנען אַזוי פּאַרפּול, אַז מ׳זאָל זאָגן: איך וועל אַלץ אָפּלערנען איצטער פאַר שפּעטער...

טאָמער וועט מיר, למשל, אין דער צוקונפט, אויסקומען אַז מיין צייט וועט מיר ניט דערלויבן צו לערנען, זאָל איך זיך קאָנען טרייסטן: עט, אַמאָל אַמאָל, האָב איך געלערנט אַן איבריק מאָל; עלעהיי מע עסט אַמאָל אַן איבריקן ביסן ווען מע פאַרגרייט אַ סך שפּייז...

כאָטש עסן קאָן מען דווקא יאָ צוזעצט (אויב ס׳איז נאָר דאָ וואָס) אָבער לערנען? דאָס קען מען קיינמאָל נישט צוזעצט; וואָרום ס׳איז דאָך אַלע מאָל דאָ אַזוי פיל צו לערנען אין לעבן.

און ווידער:

צי קאָן דען, למשל, עמיצער זאָגן: כ׳וועל לעבן פריער פאַר שפּעטער און שפּעטער— פאַר פריער?

פונקט אַזוי־אָ איז מיט לערנען.

ווען די צייט וועט שוין ניט סטייען, ניט דערלויבן אים זיך אַוועקזעצן און זיך פאַרטיפן אין אַ געדרוקט וואָרט, זאָל ער זיך דאַן טרייסטן ווי אַ הונגעריקער? און צי דען־זשע זאָגט אַמאָל אַ הונגעריקער צו זיך: נו, געזעגנ האָב איך שוין געגעסן אין מיין לעבן?...

אַוודאי ניט.

היינט ווי קען מען אָנווענדן אויף לערנען חס וחלילה, ס׳נעמלעכע? זאָגן:

מילא, איך האָב אין מיין לעבן זיך געזעגנ אָנגעלערנט אַזוי, אַז איך האָב אָפּגעלערנט מיין חלק... און **חלק** איז דאָ אויך לחלוטין ניט ריכטיק—שלעכט. אמת, אַ חלק עולם הבא האָט מען אונדז יידן צוגעזאָגט, אָבער **לערנען אַ חלק תורה** — נישט!

די תורה, ווי דאָס לעבן, איז נישט געגעבן געוואָרן אויף **צו-לעבן-לערנען** חליקים־ווייס — דאָס גאַנצע לעבן און די גאַנצע תורה געלעבט־און־געלערנט צו ווערן איז דער געבאָט!

לערנען, ווי לעבן, מוז מען יעדע רגע; ס׳גאַנצע געלעבטע לעבן מוז מען אויסלעבן אין פולער גאַנצקייט; אַלע טיילן מוז מען דורכאָטעמען מיטן אייגענעם אָטעם; אַזיסט — איז מען טויט...

איז מען נאָר איינמאָל געשווימען אין ים-התורה, מוז מען שוין דאָס גאַנצע לעבן זיך האַלטן אויף אירע כוואַליעס... אַז וואויל איז צו דעם וואָס עסט ווינציק און לערנט אַ סך!

גליקלעך איז דער וואָס שלאָפט מיט אַ בוך צוקאָפּנס, וואָרים צו זיינע פיס ליגט דאַן — די גאַנצע וועלט...

## רייפע עלטער — רייפע יוגנט

(צו מיין איינציקן דניאל)

איך גיי אַוועק פון אייער וועלט,
היינט-מאָרגן — וואָס איז צייט?
נאָר איר, יוגנטלעכע פון אַלע פעלקער,
וואָס זייט דער שטענדיקער מלחמה-פאַרזיי —
רייסט אַרויס דעם מאָרגן, אייער מאָרגן,
פון די הענט וואָס פאַרפאַסן געזעצן
ווי אַזוי איר זאָלט נאַציאָנאַל שטאַרבן פאַר זיי — — — —
די וועלט איז גאָרניט ווערט אָן דער רייפער יוגנט!

## גראַפאָמאַניע

אפילו דער אינפאַנטילער צושטאַנד אין שרייבערייי — גראַפאָמאַניע,
(פּאָקן, מאָזלען, קאָקליש, דיפטעריע)
אָט-דער צושטאַנד פון שרייבערייי — די היסטעריע —
מוז אויך קריגן אויסדריק; עס דאַרף אויך אָנגעשריבן ווערן...

## יידישיאַנער זאָגן:

די נאַטור לאַטעט ניט;
איידער לייגן אַ לאַטע
באַשאַפט זי בעסער אַ ניי ווערק.

דער ייד אַסימילירט זיך ניט,
ער באַגייט פֿאָלקס-זעלבסטמאָרד...

איך בין ניט רעליגיעז;
נאָר — גאָטיעז...

די וועלט שטאַרבט ניט,
זי הרגעט זיך אוים!

רעליגיע איז ניט — גאָט;
גאָט — נישט קיין רעליגיע!

## ווערטער, רייד יידישע

יידיש, יידיש,
ביזט נאָך אַלץ פֿאַרחידושט;
לשון, לשון,
בונד מיינער — געיידישט.

רייד, רייד,
יהוסדיקע, פֿאַריידישטע;
ווערטער, ווערטער,
באַטעמט, באַדמט — פֿאַרקידושטע...

# יידיש פּראָבלעם; גויאיש פּראָבלעם

אַ ייד טראָגט זיין יידיש פּראָבלעם
טאָג־איין טאָג־אויס — עס שפּרינגט אים אַקעגן
מיט אַ שטראָם פון טויזנט פּאָר פערד־קראַפט.
דער ניט־ייד טרעפט זיך אָן אין זיין פּראָבלעם
ווען זיי באַגעגענען זיך, צופעליק — אַמאָל;
וואָרים אַ גויאיש פּראָבלעם איז שטענדיק איינגעלייגט,
איינגעשטעלט און איינגעשטילט — סע פּאַפּט!
געוויסע צייטן גיט זיך עס אַ רייס אָפּ, אַ באַוועג;
אמת, עס טרייסלט אויף ווי אַ ערדציטערניש;
און דאַן ערשט ליידט דער ייד סיי־ווי־סיי מיט, מיטן גוי;
ווייל אַ גויאיש פּראָבלעם איז תמיד אַל־ערדיש,
בעת דאָס יידישע איז דווקא אַן אַל־יידיש בלויז.
דעריבער שטילט זיך גלייך איין אַ גויאיש פּראָבלעם,
ווייל סע איז איינמאָליק די דערשיינונג:
אַן אָנקום מיט אַ באַלדיקן — אויס! צוריק געזונט!
דעם ייד'ס? — אַ פילמאָליקע פּראָבלעם,
אַ לויפנדיקע, אַ נערוועזע, אַ קראַנקע — אַן אָנשטעקנדיקע!
אָט דערימעך גיט עס ראַפּטאָם דעם ייד אַ פּאַק!
און טאַקע יעדע רגע פון דער אומגעריכטער שעה אַזוי;
ער, לויפט פון איר און זי — נאָך אים נאָך.
זיי זיינען צוויי ווייזערס וואָס דרייען זיך
אויף דערזעלבער ציפערבלאַט פיר־און־צוואַנציק שעה;
ניטאָ קיין אויסוועג, קיין אויסגאַנג, קיין אַנטרונען.
דער גוי דאַרף נאָר ווילן, מיידט ער אויס זיין פּראָבלעם.
דער ייד, אויב ער זאָל אַפילו, ביי זיין בעסטן ווילן,
ווילן — קען ער זי נישט אויסמיידן.
אָט אַזוי איז גויאיש פּראָבלעם — איין פּראָבלעמיש.
יידיש — אַל־פּראָבלעמיש!

## דער אייביקער קווינטעט

גאָט און טויט האָבן ליב קינדער.

חכמה איז דאָס שוועבעלע
וואָס צינדט אָן דעם שכל.

טאַלאַנט רעגט אָן צו שעפערישקייט
און צילט צו דערגרייכן געניאַליטעט.

דער אונטערשייד צווישן ליטעראַטור־לשון
און לעבן־לשון איז ווי פון אַ בן־אָדם און אַ חיה.

פאַר אַ ווערק דאַרף מען מורא האָבן,
שטיין און פּלאַטערן, ציטערן און גרוילן —
שכוחו וגבורתו מלא עולם!

## מיר אַלע

סברי מרנן ורבנן ורבותי!
אָט אַזוי־אָ מאַכט מען קידוש,
אָבער ווען מירן זיצן אין סוכה
וועלן מיר עסן המוציא מיט האָניק — יידיש...

אַז מירן אַלע קומען קיין ירושלים
וועלן מיר זיך פרייען מיטן גרויסן חידוש;
מיר וועלן אַריין אין דער כנסת
און שטורעמען: נעשה ונשמע — יידיש!

# די מעכטיקע פעלזן פון דער וועלט
## רעדן צום קליינעם שטיינדעלע פון ישראל

טוריסטן וואָס ציען זיך קיין ישראל, דער יונגער ציון!
זייט ווייסן, אַז ביים ערשטן דרייטאָן אייער פוס
אויף אַ קליין שטיינדעלע זאָלט איר זיך ניט כעסן;

אַדרבא, ס'איז אַ זכיה פאַר אייך ווי פאַר אונדז צו דערמאָנען:
דאָס שטיינדעלע איז אַן אור־אור־אייניקל
פון די בית־המקדש טרעפּ, אַ קרובל צום פאַסטעך דוד'ס שטיינדעלע.

אָ דערמאָנט זיך אין די טראַגישע שטיינער פונעם גלות!
זיי זיינען געפאַלן טאָג־טעגלעך אויף יידישע קעפּ!

די פאַרשנייעטע פעלזן פון די אַלפּן וויינען;
די שטיינער פון אַלע פעלזן זיינען פול מיט קנאה
צו דעם קליינטשיקן אור־אור־אייניקל, אבן אבנים,
פון די גדולי הדור, די סיני־שטיינער, כרמל־שטיינער,
וואָס האָבן זוכה געווען אַז זייער'ס אַ געדעכעניש
זאָל ליגן בלייבן אינעם הייסן ישראל־זאַמד זינט אַברהמען
ביזן היינטיקן טאָג פון מפ"ם, מפא"י — אַ צדיק שטיינדעלע!

די פעלדזן פון דער גאָרער וועלט וויינען און קלאָגן:
מיר האָבן אַזוינס ניט זוכה געווען, ווי צו אונדזער שטיינעריי,
אונדזערע אור־אור־אייניקלעך זיינען שטיינער־רשעים,
אַוועק פון אונדז אויף אַלע שלעכטע וועגן פון אייראָפּע,
וואו יידן האָבן געוואוינט און אויף זייערע קעפּ געפאַלן;
וואָס פאַר אַ נחת איז עס פאַר אונדז אויף דער וועלט?!

אונדזערע אור־אור־אייניקלעך זיינען קאַלטע רוצחים!
בלוט פון יידישע קינדערלעך איז אויף זיי פאַרטרוקנט!
דערימעך טוען מיר אויס בושה אונדזערע קעפּ צודעקן מיט שניי...
אָ, קליין שטיינדעלע פון ישראל; מיר זיינען דיר מקנא שטאַרק.
מיר, די מעכטיקע פעלדזן; אַלפּן־בערג; קאַווקאַזער בערג; די ראַקיס;
זיינען טויזנט מאָל נעבעכדיק קעגן דיר, קליין שטיינדעלע!
קעגן דיין שטאָלצן, ריינעם אָפּשטאַם און זעלאָטישן יחוס!
ווער ווייס צי מיר וועלן ווען דערלעבן אונדזערס אַ גליד־
גליד־גליד־שטיינדעלע זאָל זיך קייקלען אין זון־זאַמד ישראל׳ס.

אָ גרויסער גאָט, פאַרשעם ניט דאָס שטיינערנע האַרץ פון די פעלדזן!
אינעם טאָג פון רעכנשאַפט, רעכן עס ניט צו צו אונדזערע זינד;
מיר זיינען דאָך נישט מער ווי נישטיקע פעלדזן, נישטיקע...
דערבאַרעם זיך אויף אונדזער קליינוואַרג, די גלות־שטיינער,
וואָס פון אונדזער אָפּשטאַם קומען זיי און אונדזער מעכטיקייט
געמאַכט האָבן זיי צו קליינשטיינערדיקן בזיון...

טוריסטן וואָס ציען זיך קיין ישראל, די יונגע ציון;
ביים ערשטן דרייטאָן אייער פוס איבער אַ קליין שטיינדעלע,
כעסט זיך ניט, בייגט זיך אָן און טוליעט עס צו צו אייערע ליפּן.
לערנט זיך פון אונדז, די מעכטיקע פעלדזן,
וואָס האָבן אַזוינס ניט זוכה געווען
און באַהאַלטן מוזן מיר אונדזערע קעפּ
אונטערן דאַך פון שניי ———

# צוויי שוועסטער

(דער אמת איז געוואָרן — לעגענדע)

צוויי שוועסטער האָבן געלעבט העכער טויזנט יאָר אין גלות, צווישן די פעלקער פון דער וועלט. איינע איז געווען אַלט, די צווייטע — יונג. זיי האָבן צוזאַמען געוואַנדערט און געוואָגלט טאָג ווי נאַכט — קיין ישראל.

## ציון! ציון! צו דיר וועל איך פליען!

די יינגערע שוועסטער האָט געטראָגן די עלטערע דורכן גאַנצן געפּייניקטן גלות, ממש אויף די אַקסלען זי געטראָגן; געווען צו איר גוט און געטריי — צוגעבונדן בלב ונפש! געמאַכט פאַר איר שבת און יום־טוב מיט אירע לעצטע פאַרהאָרעוועטע גראָשנס; איר אָנגעטון אַ הייבל פון אַטלעס און סאַמעט און אויפן קאָפּ — אַ שטערנטיכל מיט געפינקלטקייטן... זי געטראָגן איבער אַלע בלאָטעס און סליאָטעס אָסיען־צייט און זומער—אויף די שענצטע לאָנקעס שפּאַצירן מיט איר געגאַנגען.

הכלל, מיט איין וואָרט: אַרום איר האָט געשמעקט מיט נעגעלעך, זאַפּראַן און אינגבער; צימערינג און ראָזשינקעס מיט מאַנדלען אין איר חלה. הײַנט גרינס אויף שבועות, סכך אויף דער סוכה; אַפילו אַ שבת־גוי... אָט אַזוי האָט זי איר ליב און שיין אָפּגעהיט איר שטייגער לעבן פון שבת־בראשית ביז שבת־הגדול; פון שבת־חזון ביז שבת־תשובה; שבת־מברכים און שבת־שירה איז געווען גאָלע דערהייבונג פאַר דער אַלטער שוועסטער אינעם גלות; די יונגע שוועסטער האָט שוין געזעען אַז ווער, ווער, די לשון־קודשדיקע זאָל זיך חס־ושלום ניט פאַראומווערדיקן מיט דער שווערער און ביטערער וואָכיקייט — גאָר דער גאַנצער דלות מיט אַלע זיינע טרייפע פיינען פון פּרנסה און קיום איז פאַר איר פאַרבאָרגן געוואָרן, גלייך— נישט געווען אַזוינס אין די יידישע הויפן... געבענטשט ליכט און פאַרגעסן אין אַלדערוואָכיקייט פונעם גלות!

אָט אַזוי האָבן די שוועסטער געלעבט אין נחת און אין פריידן. צוויי שוועסטער לייבלעכע, מיט איין האַרץ און נשמה.

נאָר הערט אַקאָרשט אַ מעשה וואָס סע קען זיך פּאַרלויפן:

זיי זיינען טאַקע מיט דער צייט אָנגעקומען בשלום קיין ארץ־ישראל,ביידע געזונט און גליקלעך—אַ נס פון די הימלען. ממש ווי אין אַ מעשה־ביכל...

איז דאָך אַוודאי גוט און וואויל!

האָט זיך דער מקטרג, דער שטן, שלמה המלכ'ס שד— דער אַשמדאַי אַריינגעמישט און וויל זיי צעשיידן... ס'הייסט, איינע דער אַנדערע זאָל אין ים צי כאָטש אין ירדן אַריינוואַרפן.

נו, ווי געפעלט אייך אַזאַ „פּוטעפּאַלניאָסט"?!

ס'איז נאָך אַ סברה אַז די אַלע מחבלים זיינען גאָר פּראָסטע מענטשן, ווי פון הימל אַרויסגעשמיסענע, נפילים וואָס ווילן ברענגען זינד אויף דער הייליקער ישראל־ערד. אַ וויסטער, טעמנער פּאָהיבל אויף אַזוינע שונאי ישראל! וואָרים אַזוינס קאָן זיך נאָר פּאַרלויפן צווישן יידן...

די שוועסטער לעכצן צוזאַמען זיך פרייען; צי אַפילו גיין צוזאַמען צו דער מוטער רחל'ס קבר זיך אויסחינהוועצן, טאַקע ווי עס פּאַסט פּאַר עלטערע שוועסטער; ווי מען האָט צוזאַמען געחלומט העכער טויזנט יאָר...

איז אָבער געשען דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס ס'איז ממש אומגלויבלעך. וואָרים וואָס, וואָס, אַ שטיקעלע כישוף שמעקט דאָ אַפילו יאָ.

אַדרבא, זעט איר אַליין:

די אַלטע שוועסטער— לשון־קודש; די יינגערע, די געזונטע דינסט־מויד—יידיש, זיינען פּאַרביטן געוואָרן אין זייערע אמתע ראָלן...

העברעאיש איז יונג געוואָרן—אַ גאַסנשפּראַך, ווערנאַקולאַר ממש, זשאַר־גאָן! יידיש — אַלט און אַקאַדעמישדיק — קאַטעדרע בלויז...

דערווייל זיצן זיי נאָך ביידע אויף איין באַנק.

זייער ליבע איינער צו דער צווייטער — אָן אַלטע, גאָר אַלטע געוואוינהייט. און פון געוואוינהייט איז שווער זיך שיידן.

שפּינען זיי זייער וואָרהאַפטיקן חלום פון דער אַנטיקער וועלט און אויך פון דער איצטיקער!

יינגלעך און מיידלעך גייען זיי פּאַרביי און עפּעס פּאַרדעכטיקן זיי זייער סופּערהאַפטיקער ליבע; ס'איז לויט זייער דערציאונג — פּלאַטאָניש...

קלענערע קינדער שטיפן און רייצן זיך מיט זיי:

יידיש — קאַפּידיש!
גיי מאַך קידוש!

יידיש — קאַפּידיש!
ביסט הוילע חידוש!

יידיש — קאַפּידיש!
מאַנדלברויט-יידיש!

**אינעם יאָר — מדינת ישראל**

וימת יוסף:
און יוסף איז געשטאָרבן.
וכל אחיו:
און אַלע זיינע ברידער.
וכל הדור ההוא:
און אויך דער גאַנצענער דור יענער.

פרץ, שלום-עליכם, מענדעלע,
יענער גאַנצער דור — ז'נישטאָ!
זייערע ווערק זיינען דאָ!
די יידן וואָס אין זיי — פעלן...
אוי, יידן, יידן!
עס וויינט איבער אייך אייער מאַמע יידיש
לאמר — אַזוי צו זאָגן:
ווי גרינג ס'איז אייך, מיינע קינדער, לעבעדיק מאַכן;
עס דאַרף זיך בלויז באַווייזן איין נביא — יחזקאל!
וואָרים צו וואָס טויג אונדז אַזויפיל נביאים
ווי מיר האָבן אינעם יאָר — מדינת ישראל!

## מ א ַ מ ע - י י ד י ש

איידער די זעקס מיליאָן
זיינען געוואָרן ק ד ו ש י ם
איז אונדזער מאַמע-יידיש
געווען פשוט קימלברויט-יידיש.
אָן זיי — יום-טובדיקער מאַנדלברויט-יידיש — — — —

ת ו ב ב ״ א

## מײַן מאַמע טענהט זיך אױס מיטן
## גאָט פֿון אַברהם, יצחק און יעקב

איך זע דעם װינקל פֿון װאַנען מײַן מאַמע האָט גערעדט
איר ייִדיש־תּפֿילה צו גאָט; דער װינקל װי דער כּותל מערבֿי
איז פֿאַרכּטיק אין מײַנע אױגן אין אַלע צײַטן.

זיבן ייִנגלעך װילן עסן! עסן! עסן!
און די ברױט־פּאָליצעס שטאַרן שטום,
אָפֿן, פֿרײַ, לײדיק — הפקר!
דער דרױסן רופֿט דעם דלות:
נו, קום שױן, אַן עק, קום!

אַן אָרימאַן מיט אַן הדרת פּנים פֿון די אָבֿות
באַװײַזט זיך אױף דער שװעל פֿון שטוב,
די האַנט אױסגעשטרעקט װי אין ספֿק:
אָט בעטלט זי און אָט דאַכט זיך
איז זי גרײט בענטשן די ברכה פֿון שפּעדיקער זעט.

די מאַמע האָט צנועותדיק אַרױסגערעדט:
„מײַן מאַן װעט אײַך געבן אין קלײט"...

װי נאָר דער אָרימאַן פֿאַרשװינדט
אַזױ צעשרײַט זי זיך פֿאַרװירט:
„קינדער! װײסט איז מיר און װינד!
גװאַלד! אליהו הנבֿיא איז דאָ ערשט געװען"...

זי פֿאַרבֿרעכט די הענט און פּאַטשט מיט זײ
װי אַ געיאָגטע הון מיט די פֿליגל;

זי יאָגט צו צום מזרח־ווינקל
און בלייבט דאָרט שטיין צעוויגט,
צעהיצט, צעפלאַמט און מיט אַ געבראָכן קול
ווי רויך פון אַ גרוב, ווי אַ קנויל פאַרשטיקט,
רייסט זיך עס אַרויס און צעפּאַלט ווי שרויט,
פאַלט מיט איינמאָל אין אַרויף־אַראָפּ געווירבל.

מיר, קליינוואַרג, שטייען פאַרטמט און פאַרקראַמט
און עס הילכט איר שטים ווי האָגל אויפן דאַך:

„גאָט! האַר און געביטער פון דער גאַנצער וועלט!
כ׳וועל פון מיין ווינקל ניט אָפּטרעטן
ביז דו וועסט ניט אָפּטון די בושה פון מיין פנים;
און מיינע קינדער ניט שטראָפן מער מיט סמאהע
אויף זייערע צעלעכצטע ליפּן די פאַרהונגערטע;
איך, דיין אומווערדיקע דינסט וואָס איך בין,
האָב באַגאַנגען אַ טאָפּעלע עברה — געזאָגט ליגן
און מיט אָפּנאַרן פאַרשעמט דיין אָרימאַן...
אָ גאָט, דאָס איז אַלץ איבער דיר, טאַטע אין הימל!
וואָרן איך וויים אַז דו שפּייזט אַ ווערימל
אונטער דער געדריקטער משא פון אַ שטיין
און דאָס פליגעלע — אַ מאָן די גרוים —
גיסטו פאַרשטאַנד צו פליען און געבערן.

נו, טאַקע דערימעך, טאַטעניו, פרעג איך דיר:
הלמאַי עפּעס ניט מיין געזינד? די קליינע ווערימלעך
וואָס ראַיען זיך גאַנצענע טעג אין דיינע הדרים?!
פאַרוואָס מיידט דיין ברויט אויס מיין טיר?...
אָ גאָט, גאָט, נעם חלילה נישט אָן מיינע רייד, די געדריקטע,
און די שאַרפע ביטערקייט וואָס אין זיי,

פאַראומגוט, חס ושלום, און אויך נישט ווי אַ לעסטערונג;
וואָרים סע איז נאָר אין דער רגע פון געאיינגטקייט אַזוי,
ס'לויפּט מיין האַרץ אַריבער ווי אַ קאָכיקער קעסל...

מחמת צי קאָן איך דען גאָר ריידן אַזוינס צו מיין שכנה
וואָס איז אויך אַ בשר־ודם ווי איך אין פינצטערער אָרימשאַפט?
צי דען־זשע איז נאָך פאַראַנען אַזאַ באַגלויבטער ווי דו איינער,
אַז מיין האַרץ זאָל נייגן צו אים אויף אָנפאַרטרויען די רייד
וואָס איך טו נאָר ריידן פון פאַר דיר, עוזר דלים, טאַטעניו...
אָ העלף מיר און מיין הויזגעזינד דאָס פאַרשמאַכטע, אל רחום!
איך טרעט ניט אָפּ פון דאַנען! העלף מיר! העלף!"

מיט די פויסטן האָט זי געקלאַפּט אין די ווענט
און ביי אונדז האָט געציטערט דאָס געביין אין העמד;
שרעק, פיין, האָט אָנגעטראָגן אַ מאוימדיקע דערוואַרטונג
וואָס מוז אין אָט־דער ציטערדיקער רגע צעוואונדערן אַ געשען!
און דאָס געשען איז אַזאַ'ס, וואָס באַגלייט מיך ביז דעם וואָרט
וואָס איך וואַג אויפשרייבן אין דער לעצטער שורה
פון אָט־דער־אָ זאַך ווי אַ נגלה של אמת.

די ווענט האָבן זיך נאָכגעגעבן אירע פויסטן
און אין זיך אויסגעבויגן צוויי טיפע שאָלן.
ביי אָט־דעם צייכן, ניט פריער, האָט די מאַמע זיך באַרואיקט;
זיך אויסגעדרייט צו אונדז מיט איר פנים טרערנדיק נאַס
און דאָס בילדלעכע אויסזען אירס... אָ גאָט! אָ מענטש!
אַזוינס קאָן קיין שום מאַלער ניט אויפמאָלן;
קיין שום אַקטריסע פאַרקערפּערט האָבן און געשטאַלטיקט —
איר גאַנצער צלם אלהים האָט געפלאַמט אין הוילער בלענדעניש
אַז מיר האָבן אויס סכנה גענומען ריטשען: מאַמע! דו ברענסט!
זי האָט אַ שמייכל געטון מיט אַן אָנהייב פון אַ שמייכל

און יעדערן אויפן קעפל געגלעט און אויסשטערלעך געקושט.
איר קאָפּ פאַררריסן, מיט די הענט געפּליעסקעט און באַפוילן:

„קינדערלעך, טייערע, לאָמיר טאַנצן אין אַ ראָד! אין אַ ראָד!
צו גאָט ברוך הוא, לאָמיר טאַנצן! טאַנצן! טאַנצן!
פון היינט אָן וועט איר שוין האָבן פון כל טוב"...

זינט דעמלט טאַקע, געדענק איך ניט אַז אונדזער הויז
זאָל ווען עס איז געוועזן האָבן געבליבן אָן ברויט...

דער דרויסן האָט דעם דלות פאַרשלעפּט אין אַלע ווייטן.
איך זע איצט דעם ווינקל פון וואַנען מיין מאַמע האָט גערעדט
איר יידיש-תפילה צו גאָט; דער ווינקל ווי דער כותל מערבי
איז פאַרכטיק אין מיינע אויגן אַלע צייטן; —
אָ מאַמע! צי דען קען איך, אין דיין שיין, זיך רופן פּאָעט?

ווען פרייט זיך אַן עולם מיט אַ לעקטאָר?
ווען ער מאַכט ניט קיין איבערקערעניש אינעם געמיט
און באַפרייט דעם צוהערער פון דענקען...

אַ לערער האָט געפרעגט זיינע יידישע
אַמעריקאַנער קינדערלעך פון זיין קלאַס:
לאָמיר אַלע צוזאַמען טאָן אַזוינס וואָס סע זאָל
אין זיך האָבן הונדערט פּראָצענט יידישקייט.
אַלע ווי איינער האָבן אויסגעשריען:
לאָמיר אַלע צוזאַמען לאַכן...
און זיי האָבן געלאַכט, און דער לערער מיט זיי...
ער האָט הנאה געהאַט און דאָך זיך געשראָקן:
אַזאַ יידיש געלעכטער איז אים פרעמד געווען — — —

וואָס איז שענער, נאַטור צי קונסט?
וואָס איז אייביקער, דאַרפן מיר ניט פרעגן — — —

# א ו י ב ...

(מענה־לשון צו מיין אייגענעם טויט)

ווען איך וועל אָנקומען צו אייביקן אַ ה י ן
און ע ר  וועט הייסן וועגן־און־מעסטן — שטראָפן!
וועל איך אים מאַכן אַזאַ סקאַנדאַל אַ מיאוסן
(אַלאַ איציק מאַנגער אויף דער וועלט)
אַז ער וועט מיך האָבן צו געדענקען אייביק — — — —
כ׳וועל אים איבערקערן אַלע הימלען מיט מיין טומל
און גערעכטע טענות וועגן זיין באַשאַף:
— דער יצר־הרע איז דיינער? יצר־טוב דיינער?

נו, טאָ וואָס־זשע איז דאָ אַזוינס מיך צו שטראָפן?!
איך האָב ביידע מקיים געווען — פאַרזוכט צוביסלעך...
און איצט (ניט זייענדיק קיין בהמה בצורת אָדם)
ווייס דעם אונטערשייד פון גוטס און שלעכטס!
איז פונקט באותו היום, ווען איך האָב שוין אויסגעפונען
צו זעכציק־זיבעציק־אַכציק יאָרן ביים רייפזיין,
שיקסטו — במחתרת — דעם מלאך־המות, ער זאָל מיר
מאַכן דעם נאַרישן — כיק! און ער מאַכט!

נאָר ביזטו טאַקע גרייט שטראָפן פאַר דיינע טעותן?
דיינע אַרויפגעצוואונגענע נסיונות אומגעפרעגט?
אָט ערשט בשעת איך האָב אויסגעפונען דעם עכטן אונטערשייד;
דעם פאַרזיסטן טעם פון ביטערן שלעכטס?
דעם פאַרביטערטן טעם פון זיסער גוטס?
און איצט טאַקע, פרוביר אָקאָרשט מיך שטראָפן...

שטראָפן פאַר דיינע טעותן! שווייגסט?
אויב עס פירט זיך אייבן ווי מיר אינטן
שטעלן זיך פאַר, איז גאָר ניט אַזוי מסוכן! —
פאַרלאָזט זיך איך דעם בן־אדם — מאַטעס...
כ'ווייס, דו קאָנסט ניט אַ כאַפּטון דיין טועכץ צוריק...
טאָ געדענק — אַט־דאָס וואָס דו האָסט אָפּגעטון מיט מיר—
פאַרשרייב איך לדורות: ס'איז איך דיינס אַ טעות — — —
שווייגסט? נו, אויב אַזוי וועל איך איך — שווייגן...
מיין טענה קענסטו ניט, ווי מיין מאַטעס, פאַרענטפערן———
זאָל שוין, איבער ערד און הימל, אונדזער בשותּפותדיקער טעות!
שווייגסט? נו, אויב אַזוי וועל איך איך אייביקן מיין טעות...

צו שטיין פאַר אַ מענטשן און רעדן
דאַרף מען זיין קלוג פאַר צוויי;
צו רעדן פאַר צען דאַרף מען זיין קלוג פאַר עלף;
פאַר הונדערט? קלוג פאַר הונדערט און איינעם.
ווען איינער רעדט פאַר טויזנט,
ווי קלוג דאַרף ער זיין? אדרבא, זאָגט איר!
פאַר מיר איז עס אַ מורא צו טראַכטן — — —

אַ נאָמען פאַרגעסט מען אַמאָל,
אַ פּנים — קיינמאָל ניט...

מיט דער מעדיצינישער וויסנשאַפט איז פּשוט:
געזונטע, וואָס ווערן אַליין געזונט — היילט זי אויס;
קראַנקע, וואָס קרענקען יערלעך — באַגראָבט זי...

ייִדן פאַרדאַמען איך אַמאָל די גוים
אָבער קיינמאָל ניט מיט אַט־דער פאַרדאַמטקייט
ווי זיי טוען אונדז פ אַ ר ד ט ע ן...

# דאָס בוך — אונדזער וועג-באַגלייטער

פראָזע און פּאָעזיע זיינען אַזוי א ח ד י ס ט י ש צוזאַמען — אומצושייד־באַר, ווי וואָרט פון געדאַנק. א ח ד י ס ט י ש, ניט פונעם וואָרט ע כ אָ, אָפּקלאַנג; כאָטש סע איז אַ גוטע אַסאָסיאַציע, נאָר פון — א ח ד.

אַוודאי דאַרף מען אין זינען האָבן דאָס ג ו ט ע שטיקעלע פּראָזע פונעם ניידע מענדעלעס געשניץ און געשליף און די פּאָעזיע, אויך דאָס נעמלעכקייט— פון די גרויסע מייסטערס אונדזערע.

אָט דאָס פאַרשטיי איך אונטערן וואָרט — בוך.

אונדזער צווייפּאַכיק ווידערגעבורט, איז דער נצחון פון אונדזער בוך; דעריבער וואָלט איך גערן געוואָלט אָנצינדן אַ פּאָר געדאַנקען־פלעמלעך; רעיונות וואָס זאָלן אונדז תיכף־ומיד צעהיצן אונדזערע חושים, כדי גרייט צו זיין, אין פולשטענדיק אויפנעמען, אָט דאָס וואָס סע איז זייער כדאי און ביז גאָר נייטיק אויפגעדעקט צו ווערן: די דערקענטעניש פונעם יידישן אַלטן און אייביק יונגן געניוס — קולטור־באַשאַף. וואָרים אַלץ ליגט דאָך פאַרפּאַקט אינעם האָרץ פון בוך מער ווי אין גערעדטן לשון. וויל איך דעריבער פשוט אָנרעגן, צע־וואַרעמען דעם כוח הדמיון, צעשפּילן אונדזער פאַנטאַזיע וועגן בוך. און כידוע, איז דאָך אַלעמען באַוואוסט אַז אָן פאַנטאַזיע קאָן גאָרניט באַשאַפן ווערן, לחלוטין גאָרניט. מען קאָן אָבער אויך ניט אָן פאַנטאַזיע, פּערפּעקט זיך צוהערן, אָדער אויסהערן, צי אַפילו בלויז דערהערן—הײַנט אַ פשטיטא דאָס קול פון אַ בוך!

און ס'איז דאָך דאָס ק ו ל וואָס באַגלייט אונדז און וואָרנט אונדז. גאָטס קול. דעם נביאס, דעם דיכטערס — דאָס בוך!

דער איינציקער און אויפריכטיקער וועג־באַגלייטער, וואָס באַגלייט אונדז זינט די אורטימלעכע צייטן, ביז צו אונדזער אָט־איצטיקן היינט־צו־טאָג, איז— דאָס בוך. אויף שמחות און אויף לוויות איז עס מיט אונדז דאָ; אין רואיקע צי אין קאַטאַסטראָפאַלע צייטן איז עס געווען מיט אונדז; סע האָט מיט ווערדע אויסגעהאַלטן אַלע נסיונות! אין די קעלערס און אויף די בוידעמער האָבן מיר עס מיט זיך מיטגענומען; אין די תפיסות, אין די פאַרטיזאַנישע וועלדער איז עס מיט אונדז מיטגעגאַנגען; בוך און ייד זיינען אייך סינאָנים; ייד און בוך זיינען אין קאַטעגאָרישע דערקענונג; אַן איינס וואָס ווערט באַצייכנט מיט דער־

אַ ספּעציפישער אידענטישקייט — עם הספר. אַוודאי אויך דערפאַר ווייל מיר האָבן צוגעטראָגן דער וועלט דאָס בוך פון ביכער — תנ״ך!

דעריבער האָט אויך דאָס בוך טאַקע דעמזעלבן יידישן מזל; סע איז אַנאַ־לאָגיש צום שווערן גורל פונעם יידישן פאָלק; מע האָט עס געפּייניקט און געברענט אויפן זעלבן אופן; דאָס יידישע בוך איז געווען דער קרבן פון רדיפות, פּאָגראָמען און עקסצעסן פונקט ווי דאָס פאָלק ישראל; סע האָט געהאַט ביי דער וועלט דיזעלבע מערכה;ביידע צוזאַמען האָט מען פיל מאָל אויף איינמאָל גע־ריסן, געפלינדערט, באַשפּיגן, צעטראָטן, אין חרם געוואָרפן און געברענט אויפן זעלבן שייטער — דאָס בוך, באַגלייט מיטן ייד! אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער!

מיטן אַש פון אונדזער געביין און מיטן אַש פון אונדזער בוך, קאָן מען טייכן פאַרשיטן; טאָל און בערג — אויסגלייכן! און ווען מיר זאָלן באַזיצן דעם כח, דאָס אַש פאַנאַנדערצובלאָזן, וואָלט עס געוויס פאַרשטעלט די זון! אַ האָר ניט אַנדערש!

טאָ ווער וועט וואַגן, גרינג און לייכטזיניק, צוצולייגן אַן אומריינעם פינ־גער צום אַש פון אונדזער געביין און צום אַש פון אונדזערע ביכער־קדושים פון אַלע יאָרהונדערטער?!

וואָרהאַפטיק!

דער גייסט פונעם יידישן פאָלק ליגט באַרוט און אומבאַרוט איז זיין בוך!

בלויז אין אַ מאָמענט פון יאוש, האָט דער דיכטער, דער מקונן, ראָזענפעלד, געזונגען: „אונדזער גבורה ליגט אין שטויב.״ אין דער אמתן ליגט זי, האַרץ־מוחדיק, אין דער אומצעשטערערדיקייט וואָס שיינט ווי די ליכטיקסטע שטערן, פון דור צו דור, פאַר אַלעמען — אינעם בוך!

אָט־אַזוי־אָ האָט מען נישט נאָר דעם גייסט אונדזערן נישט געקענט פאַר־טיליקן און אויסראָטן, נאָר ממילא האָט מען נישט געקענט — דעם יידישן נפש — אומברענגען און טאָטאַל פאַרניכטן.

דער בוים האָט זיינע וואָרצלען אין באָדן פון דער ערד, און מיר — וואָרצ־לען יאָרטויזנטער אַ קיומדיק לעבן אינעם בוך.

דאָס בוך איז ווידעראַמאָל דאָ מיט אונדז! נאָך אַלע וואָגלענישן און שווערן נע־ונד זיין; נאָך אַזויפיל פייערדיקע בראַנדן און יסורים; סע האָט

פונקט ווי דער ייד דורכגעמאַכט אַלע זיינע מאוימדיקע טראַנספאָרמאַציעס; אַרויס פון אַלע קאַצעטן, בונקערס און קרעמאַטאָריעס! מיטן רויך דורך די קוימענס איז עס אַרויס!

ווייל סע איז דער וועלטלעכער געבאָט, דער קאָסמישער באַגלייך ווי דער געטלעכער פונעם פאָלק ישראל, אַז — ניט דעם גייסט און ניט דעם גאַנצן נפש קאָן מען פאַרטיליקן פון אַ פאָלק און פונעם יידישן אַוודאי און אַ וודאי נישט! ווייל סע וואָלט געמיינט אַז פאַלש איז דעם נביאס רייד געווען און פאַרמאָגט ניט קיין המשך!

און אָן נבואה קאָן דאָך די וועלט קיין תקומה ניט האָבן!

איז כאָטש די רשעותדיקע פעלקער האָבן אונדז אויסגעלערנט די קונסט ווי צו שטרבן אין מאַסן, האָט דער טויט גופא אָבער (אין זיין קאָלאָסאַלער טויט-פייערדיקייט באַוואונדערט אין פלאַי-פלאים דאָס ברענענדיקע אומקום און-דזערס) געמוזט אויך אַנטפלעקן דעם סוד פאַר אונדז, ווי צו געבוירן ווערן עקשונותדיק צוריק!

מיר, יידן, זיינען עס געוואָרן דער לעגענדאַרישער פעניקס! אויסן איי-גענעם אַש קומען מיר ווידעראַמאָל אויף — צום לעבן!

אָט-דער דאָזיקער נס איז געשען מיט אונדז אינעם פאַרלויף פון יאָר-טויזנטער, סיי מיט אונדזער נפש און סיי מיט אונדזער מאַרך און גייסט — דאָס בוך!

מיר דערהייבן אונדזער קול צו דער וועלט!

נאַ! זע! מיר זיינען דאָ!

און צום וויפלטן מאָל דען נישט? אויך דאָס קול פון אונדזער בוך דער-הייבט זיך מיט נצחון צו דער וועלט:

נאַ! זע! אויך איך בין דאָ צוריק מיט מיין פאָלק!

און מיר יידן דאַרפן זען אַז די וועלט זאָל דערזען דאָס טאָפלטע ווידער-געבורט אונדזערס, פונקט אַזוי גוט ווי מיר זעען דאָס. ווייל מיר זיינען באַוואוסט-זיניק אַז דאָס בוך איז אונדזער שטענדיקער נצחון!

ביי אונדז איז איצט דער צווייטער שמחת תורה. מיר זיינען מבשר וואָס דער יידישער געניוס האָט דערגרייכט בנוגע דעם בוך; אַפילו די שיינע אויס-גאַבעס. און אָט דאָס איז דאָך ערשט דער לבוש, די אויסערלעכע עוואָלוציע

וואָס דאָס בוך האָט דורכגעמאַכט, לכל הדעות די פיזיאָנאָמיע אין זיינע פילע אומוואַנדלונגען; און דער דאָזיקער גלגול הספר איז דאָך טאַקע ווידעראַמאָל אַזוי ענלעך צו אונדז, צום מענטש: פון דער ערד קומט עס אויף צו אונדז! צוערשט די קריצונג אויף שטיין, דערנאָך לוחות פון ליים, מגילות, כתב־ידן אויף פאַרמעט, די יריעות פון דער תורה, דאָס ספר אין די פאַרשיידענע פאָרמען זיינען ביז אונדזער היינטיקן בוך־אויסזען, סיי אָרטאָגראַפיש, סינטאַקסיש און סטליסטיש.

און אָט פונקט אַזוי איז זיין אינהאַלט געגאַנגען פאָראויס און פאָראויסער צום אויסער—סופערב פון בוך!

צום אַלעם ערשטן דער מדבר־קולט, דער פאַסטעך־קולט, דער אחד־קולט, שופטים־קולט, מלכות־קולט, בית המקדש־קולט, נביאים־קולט, די כתבי הקודש מיט זייער עטיק און עסטעטיק, פאָעזיע און עפּאָס, די ערשטע מקורות און השפעות פון אונדזער ליטעראַטור־אוצר — תנ״ך!

סע איז געוואָרן אונדזער בוך אַלפעלקערדיק; סע איז אונדזער אינטער־נאַציאָנאַל בוך, דער „לעיק סוקסעס״, וואו די פעלקער פון דער וועלט קומען אַהין שוין פון לאַנג זיך צוזאַמען אונטער דער קילקייט פון זיין שאָטן און באַרוטע אינעם העכסטן וואָרט זיך צו באַראָטן; קומען זיך צו פאַראַנקערן אין זיין באַפעסטיקטן האַרבעריק און גאָטס און נביאס וואָרט; — נאָך זייערע אַלע הבל־הבלימדיקע רייד־שפּאַרעניש און קוואָרעניש איבער זייערע אַטאָמישע ענערגיע אויסגעשעפּטקייט, ווען זיי דערפילן זיך סוף־כל־סוף אומזיכער מיט זייער געביין, מיט זייער איבערבלייב; ערשט דאַן זוכן זיי דאָס וואָרהאַפטיקע נביאישע וואָרט זאָל זיי טרייסטן, באַזינען, פאַרשאַפן פאַר זיי דעם תוכיקן שלום אין זייער פרידלעכקייט. אָט דאַמאָלסט טוט ערשט דאָס אַלפעלקער־פרידער־לעכע געטלעך בוך אַ שפרייט אויס איבער זיי די ביבלישע פרידלעכקייט וואָס שטראָמט שלווהדיק פון זיינע טיפע תנ״כישע קוואַלן און אמתע ברונימער.

אָט דאָס איז דער באַהאַרצטער כוח פון אונדזער בוך!

אָט דאָס איז אונדזער האָפערדיקסטער נצחון!

ייד און בוך און בוך און ייד זיינען אומצושיידבאַר אחדיסטיש...

דאָס בוך— דער וועג־באַגלייטער פאַר אונדז ווי פאַר אַלע מענטשן־קינדער פון די פעלקער פון דער וועלט איז פול מיט — קידוש־השלום!

## באַמערקונגען:

אַ גרויסע צאָל פון דעם מאַטעריאַל אינעם בוך: **מאַנדלברויט-יידיש,** האָב איך צוזאַמענגעקליבן פון מיינע עסייען, וואָס איך האָב נאָך ניט ביז געהאַט אַרויסגעבן אין אַ בוך. טעמים? דאָס זעלבע אומגליק וואָס אַ סך שרייבער זיינען דערפון געטראָפן — פינאַנציעלע שדים האַלטן אָפּ דאָס געבורט פון אַ סך ווערק; מיינע אויך בתוכם.

---

**מיינע ביז איצט דערשינענע ביכער:**

אליהו הנביא (היסטאָריש־דראַמאַטישע פּאָעמע) 1927.

אינעם לאַנד פון די יענקיס — 1935 — לידער.

צווישן ימען און פלאַמען — 1941 — לידער.

מיט-וועסט מערב: אַנטאָלאָגיע — 1933.

מאַנדל-ברויט יידיש (צווישן פּראָזע און ליד) 1952.

**ביכער גרייט צום דרוק:**

אונטער מיין יידישן דאַך (לידער)

אין פאָלקישן צוזאַמען (עסייען)

די פּאָפּוגייי אין דער טייטש-חומש (דערציילונגען)

וואָלט ווהיטמאַן (איבערזעצונגען)

גלאַנץ-לעיעלעס — דיכטער פון מאָנונג (גניזה)